





ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פאליטיש-
וויסנשאפטלעכער
כוידעש זשורנאל

№ 4

מינסק

# אינהאַלט

פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער, פֿאַראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראַריש־קינסטלערישער און פּאָליטיש־
וויסנשאַפֿטלעכער כוידעש־זשורנאַל.

מינסק, אַפּריל, 1929. פֿינפֿטער יאָרגאַנג. № 4.

ה. לייוויק.

## אַ גרוס.

דער טאָג איז הײַנט אַ ליכטיקער, אַ ווײַסער,
עס ברענט דער שניי אַף די בערגיקע קעפּ,
עס ליגן אָפֿן די וועגן צו אַלע הײַזער,
און עס רופֿן ברידערלעך צו זיך אַלע טרעפּ.

איך בין אַ גאַסט הײַנט בײַ מײַן אייגן לעבן—
דאָס מאָל האָב איך פֿרייד זיך אַ געשאַנק געבראַכט,
איך בין געקומען ליב האָבן, איך בין געקומען געבן
מײַנע שטומע ליפּן צו זון און נאַכט.

ס'איז מיר עפּעס מאָדנע אַזאַ פֿרייד צו טראָגן,
איך בלײַב שטיין בײַ יעדן שוועל, בײַ יעדער טיר,
און עס ווילט זיך עפּעס זאָגן, זאָגן, זאָגן
אַזאַ וואָרט וועגן מײַן ווײַטן פֿרײַנט,—וועגן דיר.

וועגן דיר אַזאַ וואָרט, וואָס זאָל דערפֿרייען
דאָס האַרץ פֿון אַלעמען, אַלעמען אַף דער ערד;
דאָס גליק, וואָס ווערט צוטיילט נאָר צווישן צווייען,
איז צוטראָגן דעם נאָמען גליק, עפּשער, גאָר ניט ווערט.

דער טאָג קלעטערט אַף די בערג אַלץ העכער,
און דערקלעטערט צו יענער זײַט ראַנד,
און הייבט אויף דעם לעוואָנעדיקן בעכער
אין זײַן אויסגעשטרעקטער אָוונטיקער האַנט.

דאָס בעכער שוימט און שוימט אַריבער
מיט ניט פֿאַרמײַדלעכן מאַזל. אַ נײַער שניי
נעמט פֿאַלן-פֿאַרשיטן אַלע וועגן און שטיבער,
און אויך מיך,—מיט מײַן אָפֿענעם פּאָנים צו זיי.

אַזוי ווי פֿאַר אַ נעס, לויכטן אויף מײַנע בליקן,
און איך בין גליקלעך, וואָס איך האָב ניט פֿאַרפֿעלט
אַ גרוס צו באַקומען, און אַ גרוס צו שיקן
צו דיר, און—דורך דיר—צו גאָרער וועלט.

---

# רוּ אִין שטוּרמווִינט.

אִיך זע דִי טרִיט דײַנע אִין פֿרִישן שניי פֿאַרצייכנט,
אִיך גיי זיי נאָך, נִיט ווִיסנדִיק בִּיז וואַנען;
אִיך ווײס נאָר איינס: אִיך וועל דִיר ווען דערגרייכן
און אוּפֿשטעלן אוּנדזער קעניִגרײַך פֿוּנדאַנען.

אַ שטוּרמווִינט צעשפִּילט זִיך און פֿאַרבלענדעט מִיך,
אִיך וואַרף אַראָפּ פֿוּן זִיך מײַן זאַק מִיט יאָרן,
אִיך לאָז זִיך לויפֿן, און אַ יעדער וועג דערקענט מִיך
און באַגעגנט מִיך מִיט שאַלנדִיקע כאָרן.

אִיך בלײַב פֿלוּצלוּנג שטיין אִין מיטן אַ פֿאַרשטִילטער,
אַ פֿאַרשעמטער פֿאַר מײַן אײַנגעשפּאַרטן ווִילן,
און דער שניי־שטוּרם, אַלץ ווִילדער און צעשפִּילטער,
ווִיל נִיט לײַדן, ווִיל נִיט דוּלדן מִיך אַ שטִילן.

ער רײַסט מִיך פֿאַר דִי האָר, און בײַסט מִיט דִי ציינער,
און שלאָגט מִיך אִיבערן קאָפּ ווִי מִיט אַ האַמער,
און אִיך נעם אָן מִיט לִיבשאַפֿט אַלץ, ווִי קיינער,
אַ פֿאַרלִיבטער ווִי אִיך בִּין און אַ פֿאַרזאַמער.

איך האָב אויסגעטראָגן אִין זִיך אַסאַך געדוּלדן,
און אויסגעשריי אַסאַך אין זִיך פֿאַרשווִיגן,
אִיצט קען אִיך אָפֿן, ריין פֿוּן אַלע שוּלדן,
אפֿן מִיטן וועג, ווִי שניי ווִי ווײַסער, לִיגן.

און ווִי ווײַסער שניי צוּ גאָר דער וועלט געהערן,—
קוּם דוּ און פֿעדער זִיך מִיר אוּפֿהויבן און נעמען;
דער שטוּרם רוּט, און אוּפֿגערִיכטע שטערן
דערברענען בִּיז פֿאַרטאָג אף מײַנע ברעמען.

---

עליע גאָרדאָן.

# אין סטעפּ.

(פֿון בוך „בוריאַן“).

## ג ע ס ט.

אַלע אינדערפֿרי האָט זיך אַף די פֿאַרגעלטע גראָזן געגומען באַוויַיזן גרויע פֿלעקן פֿון האַרבסט... אַלץ געדיכטע זײַנען זיי געוואָרן די פלעקן און האָבן אויסגעזען, ווי גרויע האָר אַף אַ יונגן קאָפּ... פֿון צײַט צו צײַט זײַנען אָנגעקומען בייז-ברומענדיקע ווינטעלעך, זײַנען זיי דורכגעלאָפֿן און פֿאַרשווונדן, ווי אויסשפּירער פֿון גרויסן און שווערן ווינטער, וואָס רוקט זיך אין סטעפּ אַרײַן...

מיטאַמאָל האָבן זיך אין סטעפּ דערהערט גרוסן, אַז ס'פֿאָרן נײַע קאָלעקטיוון.

מאָרגן וועלן, מיסטאָמע, קומען די פאַמיליעס אונדזערע, מאָרגן געוויס,—האָט פײַוול טאַכלעס אויסגערופֿן פֿעסט.

— מ'דאַרף שפּאַנען די פֿערד און אַרויספֿאָרן אַנטקעגן, ווײַל זיי וועלן ניט טרעפֿן.

נאַכקע האָט געבראַכט די פֿערד צום וואָגן און זיי אַוועקגעפֿירט צוריק און אַלץ קײַן אָרט ניט געקענט געפֿינען. פלוצים און אומגעריכט האָט עמיצער דערזען צוויי געלאָדענע פֿורן, וואָס זײַנען פֿונווײַטן געקראָכן עפּעס ווי אַ פּאָר בערג וואָלטן זיך רירן.

— ס'זײַנען אונדזעריקע, אונדזעריקע,—האָט אויסגעשריגן פײַוול טאַכלעס—דאַכט זיך, אָן איז מײַן מיכליע, כ'וואָלט שווערן.

אַלץ קלאָרער האָבן זיך די פֿורן געגומען באַווײַזן. ווען זיי האָבן פֿון אונטער בערגל געגומען אַרויסקריכן אַהער אַף דעם הויכלאַנד, ווו ס'האָט זיך באַזעצט דער קאָלעקטיוו „ערדליבג“. רעדער-קלאַפּן. וואָלקנדעלעך שטויב און געשרייען זײַנען אָנגעקומען, ניט קײַן קלאָרע, אויסגעמישטע, ווי ס'שרײַען אַמאָל געגדז אין אַ שטײַג, ווען מ'פֿירט זיי פֿון אַ יאַריד.

— טאַטע... טאַטע... טאַטע...

קינדערלעך פֿרייען זיך און קלאַפּן מיט די הענטלעך. ווי פֿאַרזעסענע געגדז פּאַטשן מיט די פֿליגלען אין אַ שטײַג, ווען זיי בענקען נאָך פֿליען.

— אַוורעמקע... פֿײַוול... זע, נאַכקע, מיכליע...—האָבן זיך געגומען טראָגן נעמען און אויסרופֿן פֿון די וועגענער. ס'האָבן געגומען פֿאַלן קישנס צעפֿליקטע, וואָס האָבן געגומען טרײַבן פֿעדערן איבערן הויף מיט אימפעט, ווי ס'פליט אָן מיטאַמאָל אַ ווײַסער שוים אַף פֿריליגגדיקע וואַסערן, און טעפּלעך, און קעסעלעך, און קאַטשקעס האָבן געגומען פֿאַלן.

— דעם ריבײַזן האָב איך אַפֿילע געבראַכט. מ'זאָגט דאָך, אז דאָ אפֿן סטעפּ וואַקסן אַסאַך קאַרטאָפֿלעס, וואָס מ'קען פֿון זיי באַבקעס מאַכן—האָט מיכליע געשריגן אופֿהויבנדיק זיך פֿונם וואָגן.

מיכליע האָט אַ קוק געגעבן אַפֿן סטעפּ און גלײַך ווי אַ דערשראָקענע זיך אַ כאַפּ געטאָן באַם קאָפּ.

— אַ בראָך איז צו מיר! ווי אַזוי וועט מען עס דאָ וואָינען... ס'איז דאָך סטעפּ... גאָלע ערד און גראָז, מער איז דאָך דאָ גאָרניט פֿאַראַן... ריבוינעשעלוילעם, וואָס פֿאַר אַ טײַוול ט'דאָס אונדז אַהער געבראַכט.

— אין . שטעטל וועט מען עס וואָינען, ס'איז דאָך אַ קורניק... היינער דאַרף מען דאָך דאָ אוועקזעצן—האָט אַ צווייטע יידענע געטאָינעט, קוקנדיק אַף די צוויי ניט דערבויטע הייזער, וואָס זיינען איינזאַמע געשטאַנען אינם סטעפּ.

— די קינדער אונדזערע וועלן דאָך פֿאַרווילדעוועט ווערן, אַ בוריאַן וועט דאָך פֿון זיי אויסוואַקסן, ווי אַ בעהיימע אַפֿן סטעפּ.

— שלעפּט, ווייבער, שלעפּט! מ'האָט זיך עס צעהאָלדערט, ווי די אינדיקעס... איר'ט זיך צוגעוואָינען און ט'נאָך גוטע פּירעשקעס באַקן.

קינדער קליינע, וואָס האָבן געפּאַטשט מיט די הענטלעך און געריסן זיך מיט זיי פֿונם וואָגן, ווי מיט פֿליגל, אַהער אַפֿן פֿרייען פֿעלד, האָבן זיך שוין דאָ אַף די פֿערד געדראַפּעט, געקראָכן און שוין—נאָ! געוווּסט.

גאַנצע דריי קינדער זיינען אַרום אַוואָראַם קינדערמאַן געשטאַנען מיט די הוילע פֿאַרמורזעטע בייכלעך און געבעטן זיך.

— אייטע אַף אַ פֿערד, טאַטע, אייטע!

אַבע ווילינסקי איז געשטאַנען אָן אַזייט, געקוקט אי מיט כויזעק, אי מיט פֿאַרדרוס, געמאַכט מיטן קאָפּ און נאָכדעם צו זיך אַליין גערעדט:

— געקומען אַ גאַנצער טאַבון, זע נאָר... עסער אַף מיין קאָפּ... מ'וועט אומגליקלעך מאַכן מיין ווייך. זע וויפֿל קליינוואַרג, ווי די מייז אַקוראַט, האָט ער ליכט אַ צי געטאָן הערשקע פּופּיק פֿאַר דער פּאָלע. הערשקע האָט אים אַפֿן וווּנק פֿאַרשטאַנען און אים קלוג און גנייוויש צוגעפּינטלט מיטן אויגל.

— מ'דאַרף פּאָטער ווערן פֿון ווייך אָקאָרשט, אַניט וועט עס אין זייערע בייכער באַגראָבן ווערן.

די צווייטע פֿור, וואָס איז אָנגעקומען, איז עפּעס געבליבן אין מיטן סטעפּ. די מענטשן אירע זיינען אַראָפּגעשפּרונגען פֿון דער פֿור, אַף העפּקער איבערגעלאָזן און אַליין אַוועק איבערן סטעפּ... זיי זיינען לאַנג געשטאַנען, געקראַצט זיך אונטער די קעלנער און געטראַכט עפּעס.

— דאָס זיינען פֿון די נייע קאָלעקטיוון אַפּאָנים—האָט מאָרדכע-לייב, אַ קוק געבנדיק אַף דער פֿור, געזאָגט.

— איז וואָס-זשע פּאָרקען זיי זיך דאָרט?

פּאַמעלעך האָבן זיי גענומען אונטערפֿאָרן צום קאָלעקטיוו.

— אַ גוטמאָרגן יידישע „מוזשיקעס"—האָט איינער מיט איין אויסגעסקובעט בערדל, ווי ציגן וואָלטן זי געקייט, זיך אָפּגערופֿן, און אַ שטיקל פּליך האָט זיך אַרויסגערוקט פֿון אונטער דעם היטל.

— מיר ווילן דאָ, ווי איר זעט, אייערע טוישווים ווערן—האָט אַ צווייטער, אַ הויכער מיט אַ האַלב בלינד-אויגל, געזאָגט:

— פֿונוואַנען איז עס אַ? אויך אַף ערד. אַלע מוזן וועלן ווערן מוזשיקעס—און געבליבן שטיין אַ ווײַלע מיט אַ פֿאַרקנייטשטער ליפּ און דאָס שיין שוואַרץ בערדל האָט ארומגעטאַנצט אַף דער מאָרדע ווי אַ ווינט וואָלט זי אַרומיאָגן.

— אַ וואָיל וואָלעך*)—האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צום פֿערד, באַטראַכט אים פֿריער די פֿוס און נאָכדעם צום מויל אַוועקגעקראָכן, צו די ציין.

— פֿונוואַנען איז עס?—האָט הערשקע פּופּיק שטיל, ניט זיכער, זיך צוקוקנדיק אָפּגערופֿן.

— אייגנטלעך זיינען מיר פּיראַטינער און לובענער, נאָר הייסן ווילן מיר דאָ „אָקטיאַבער" און „לענין".

— איז ווי איז עס, טאָמער וועט מען אייך אַמאָל אַ זידל טאָן, איז נאָר אין לענינס און אָקטיאַבערס נאָמען? דאָס גייט ניט... ס'איז ניט באַקוועם, איר פֿאַרשטייט — האָט שליאָמקע זיך אַריינגעמישט.

*) אַזאַ פֿערד.

— אַזוי וועלן, מיִר פאָרט הייסן—האָט אַ דריִטער אַקשאָנעסדיִק געשריִען פוּן וואָגן אַראָפּקריִכנדיִק.

אַבע וויִליִנסקי איִז שטיִל און באַלעבאַטיִש צוגעגאַנגען צו דער פוּר, געשאָקלט די רעדער פוּנם וואָגן, זיִך צוגעהערט, ווי די אַקס קליִנגט אָפּ, ציִ ער כריִפּעט ניִט און נאָכ-דעם צוגעגאַנגען צוּ דעם מיִט דעם אויסגעסקוּבעט בערדל און אָנגעהויבן מיִט איִם ריירן.

— וואָס האָט אַמאָל אַ ייִד געטאָן? דאַכט זיִך אַמאָל ערגעץ באַגעגנט?—האָט אַבע איִם אַ פרעג געטאָן.

— עך, עך, עך, פרעגט שוין ניִט, אַזוי ווי איִר קוּקט מיִך אָן, האָב איִך אַ געשעפט געהאַט, גאָר אַ וואַזשנעם געשעפט, בעסער שוין גיִט ריידן—האָט ער אַ מאַך געטאָן מיִט דער האַנט.

עך, עך, עך—האָט ער וויִדער צענויפגעקנייטשט די אויגלעך זיַינע—עך, עך, עך איִז מען געקוּמען אַ טאַפּ טאָן די ערד: עפּשער וועט דאָ בעסער גיין.

דאָס ייִדל איִז געבליִבן שטיין אוּפגעהויבן, זיַין אויסגעסקוּבעט בערדל איִנדערהויך, ווי ער וואָלט אַלעמען וועלן באַוויַיזן, אַפיִלע דער זון, וואָס קוּקט אַראָפּ פוּן היִמל גליַיך איִם אָפן בערדל—נאַ זע, אַז באַ מיִר איִז אַן אויסגעסקוּבעט בערדל.

ער האָט אַ וויַילע אוּפגעהויבן די פוּס, געבליִבן שטיין אַף די אָפּצאַסן, ווי ער וואָלט אוּפגעשפּרוּנגען „קאָדויש", „קאָדויש", אַוועקגעלייגט די הענט אַף היִנטן, איִבערגעפלאָכטן די פיִנגער און מיט איין אויגל צוגעווּנקען צוּ אַבען, ער זאָל גיין מיִט איִם אַביִסל, וויַיל ער האָט איִם עפּעס צוּזאָגן.

ער האָט אַלע וויַילע די פיִנגער זיַינע געצויגן, ווי זיי וואָלטן דאָיִקעס*) געווען און ער מעלקט אויס פוּן דאָרט פאַרשיידענע געשעפטן.

הערשקע האָט פוּנדערוויַיטן פאַרשטאַנען, אַז דאָס רעכנט ער די וויַיץ און די פּאַר-נאָסע, וואָס ס'קען געבן... און דאָס אַלץ ציילט ער אויס קלאָר אַף די פיִנגער.

די איִבעריִקע פוּן די אָנגעקוּמענע האָבן זיִך צעשאָטן איִבערן סטעפּ, געגראָבן מיט שטעקלעך די ערד, ווי זיי וואָלטן דאָ עפּעס אָנוואָרן און אַלץ באַטראַכט איִר שוואַרצן איִנעווייניִק, געהערט איִר פרישן ערדענעם רייעך, וואָס טראָגט שוין איִן זיִך אַ רייעך פוּן האַרבסט און פוּן אָפּשטאַרבן.

— זעט, ווי איִן דער נאַטוּר האָט זיִך יעדערער זיַין קאָליִר—האָט זיִך אַ ייִד מיִט לאַמדאָניִשע בריִלן אַף דער נאָז אַריַינגעמיִשט—א גרעזעלע, אַז ס'שטאַרבט, געלט עס, לעהאַוודל, ווי אַ מענטש, אַ מאָדנע זאַך, דאַכט זיִך, וואָס קערט זיִך אָן אַ גראָז צוּ אַ מענטשן?

— אַ מאָדנע באַשעפעניִש אָט די ערד, אַלע וויַילע שטאַרבט עס און אַלע וויַילע ווערט עס לעבעדיִק, עפּעס אַן אויסדערוויילטע זאַך פוּן אַלע זאַכן—האָט אַ צווייטער זיִך אַריַינגעמיִשט—ווען אַ ייִד קען אַזוי אַף אַ וויַילע שטאַרבן, ווען ס'ווערט שלעכט, און לע-בעדיִק ווערן, ווען ס'ווערט בעסער.

זיַינע אויגן זיַינען אַרוּמגעקראָכן איִבערן סטעפּ ערגעץ וויַיט, וויַיט פאַרקראָכן און געקוּקט אַף יעדעס שטיינדעלע, וואָס ליִגט צוגעשמיִדט צוּ דער ערד, און קיינער ריִרט עס ניִט. ס'רוּט זיִך רוּיִק יעדעס גרעזעלע, וואָס שטייט צוגעבוּנדן צוּ דער ערד און זויגט איִר ערדענע זאַפט.

וואָוּ איִז געשטאַנען אַרוּם זיי, זיִך געוואָרפן איִן אַלע זיַיטן, אַלע וויַילע אַ נייַע זאַך דערזען, און נייַס פוּן איִר דערציילט. נאָך אַמאָל די גראָזן דערמאָנט און געכאַזערט מיִט זיי, דערציילט זיי וועגן דעם גראָז „רויטער מוישע" וואָס איִז שוין געשטאָרבן, ער שטאַרבט פרי אָט דערדאָזיִקער גראָז און, אַז ער ציִט אויס אַזוינע לאַנגע פעדעם פוּן זיִך און וויִקלט זיִך אַרוּם אַ בוים אָדער אַרוּם נאָך אַ גרויסן גראָז מיִט זיַין פאָדעם.

*) מעלקערס.

— איז וואָס פאַר אַ פּיירעס טראָגט ער, דערדאָזיקער גראָז?—האָט אים עמיצער פון די נײַע קאָלעקטיוון איבערגעשלאָגן.

— ער זעט זיך אויס, ווי אַ פּאָרעך, אָט דערדאָזיקער גראָז, אָט ווי דער פּאָרעך דאָבראָוואָלסקי אַמאָל אַף דער ערד, אַ רויק אין זײַן געפּייגערטן טאָטן אַרײַן (וואָווע גיט אַ טופּ מיט דער פוס אַף דער ערד) און פרעסט אומזיסט פון דער ערד... נאָכדעם צועפּנט ער אַ רויט מײַלעכל, ווי ער וואָלט אינעווייניק פײַער געטראָגן, ווי אַ שוואָלב, פאַרמאַכט אים גלײַך, ביז ס׳ווערן אַף אים גרינע רעדעלעך אַזוינע און אויס „רויטער-מוישע".

— וואָס-זשע גיט ער דער „רויטער-מוישע",—גיט אים אַ פרעג ווידער אַ ייִד.

— גאָרניט, אַזאַ גראָז מוז מען אויסהאַקן, וועט איר געדענקען? דאָס איז פון דעם סאָרט „ווילדע גראָז".

ער האָט זיי נאָך לאַנג דערציילט וועגן דער טעווע פון ווייץ, פון גערשטן, פון האָבער און פראָסע, און דערציילט, ווי—ווען צו זייען, און זיי האָבן אַלץ אויסגעהערט און צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. וואָווע האָט אַלץ שטאַרקער געמאַכט מיט די הענט און גערעט.

ס׳איז געוואָרן פאַרנאַכט, אַלע האָבן זיך צונויפגעקליבן אַרום טאַבאָר. באַ דער זײַט האָט זיך גערויכערט אונטער אַ דרײַפוס אַ פײַער און ס׳האָט זיך געקאָכט וועטשערע.

די ווײַבער זײַנען אַרומגעלאָפן איבערן סטעפּ, אונטערגעקליבן „קיזיקעס"*) קוראַי און סטאָם העלצלעך, עס צוגעלייגט צום פײַער. דער פײַער האָט זיי הונגעריק געפרעסן, אַז ס׳האָט אַזוי געטרעשטשעט, פונקט ווי ער וואָלט אינדערעמעסן מיט הונגעריקע ציין בײַסן.

אין קעסל האָט זיך שוין קאַלאַקטשעט, דאָס וואַסער האָט געהויבן, פונקט ווי עמיצער וואָלט פלוצים אַהער שטיינער געוואָרפן.

— מ׳דאַרף שוין פאַרשיטן—האָט מיכליע געשריען—רײַבט פאַרפלעך.

— אַ פּאָר קאַרטאָפליעס זאָל עמיצער אָפּשיילן און אַרײַנוואַרפן, זאָל עס זײַן אַ זופּ!

— נאָר פאַרפעלעך זאָל זײַן.

— אַ ציבעלע פאַרגעסט ניט אַרײַנברעקן—האָט וואָווע זיך אַרײַנגעמישט. די ווײַבער האָבן געשלעפּט זשמעניסווײַז, ווער פאַרפל, ווער אַ פּאָר קאַרטאָפליעס און עס געוואָרפן אין קעסל אַרײַן.

אַף לעצט האָט מאַשקע געבראַכט אַ מעלקשעפל מילך, פון וועלכער עס האָט זיך נאָך גערויכערט בעהיימישע וואַרעמקײַט, און עס אַרײַנגעגאָסן אין קעסל אַרײַן.

— שוין פאַרווײַסט אויך—האָט מיכליע אויסגעשריען, טאָ זאָל מען גיין עסן.

אַלע האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן מיט די לעפל צום קעסל, און גענומען שטופּן אַ האַנט אַף אַ האַנט.

— זאָל מען זיך אין אַ קרײַז אויסזעצן—האָט פײַוול אויסגעשריען.

— קומט אויך מיט אונדז עסן—האָט אַוורעמקע אויסגערופן צו די נײַע קאָלעקטיווו-שטשיקעס.

אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום קעסל און געבליאָבעט, געגעסן און ווייניק גערעט.

בלויז דער, מיט דעם אויסגעסקובעט בערדל, האָט געטראַכט, אַז זיי עסן פון איין קעסל, פונקט ווי הינער טרינקען אַלע פון איין קאָריטקע, טונקען אָפּ די שנעבלעך און שלינגען אַראָפּ, אַזוי טונקען זיי אָפּ די לעפל, נעמען אָן און שלינגען.

— אַ פּראָסט שטיקל לעבן, ווי איך זע—האָט ער זיך אָפּגערופן—פּראָסט און גאָר פּראָסט, אָן קונצן.

די קאַצאָוויִם-יונגען האָבן געבליאָבעט און געשריען:

— עסט עסט, וואָס קוקט איר, עסט. קאָלזמאַן ס׳איז דאָ אין קעסל, אַניט וועט ניט ווערן!

טיף באַנאַכט האָט דער, מיט דעם אויסגעסקובעט בערדל, נאָך גערעט, אַרומגעגאַנגען און באַטראַכט אַלץ דעם סטעפּ.

*) בעהייטישע מיסט.

אַף מאָרגן אינדערפרי האָבן זיי מיט אַ קלאַפּטער אָפּגעמאָסטן די ערד און האָבן אַ גראָבן געמאַכט און אַלעמען אָנגעזאָגט:

— אָט דאָס איז אונזערס.

וואָווע האָט דאַן געקוקט ווײַט איבערן סטעפ, געזען, ווי מ׳צעשנײַדט דעם סטעפ אַף שטיקלעך און ס׳האָט אים אי באַנג געטאָן, אי ער האָט זיך געפרייט.

— ס׳אַלעמענס ערד, טאַקע אַלעמענס, און טאָמער וועט אונדז נאָכדעם זײַן ווייניק?— האָט ער געטראַכט.

פון דרײַ זײַטן האָבן זיך געצויגן אַקערס און אַלע האָבן געריסן די ערד, געריסן זי אין פאַרשיידענע זײַטן און זי איז געבליבן ליגן אַ שוואַרצע, אַ באַנײַטע, ווי אַן איבער-געניצעוועטע און אַ האַרבסטיק-רויקע — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

דער, מיט דעם האַלב-בלינד-אויגל, איז געווען אַ רומפּלער אַף כאַסענעס און האָט מיט זיך אַהער געבראַכט אַ קלעזמער-טרובע אין אַ פויק.

אָפּטמאָל, פאַרנאַכט, ווען אין סטעפ פלעגט ווערן אומעטיק, פלעגט ער נעמען דאָס טרײַבל אין מויל, בלאָזן און אויספויקן אַלטע, פאַרגעסענע לידער פון פריילעכע יידישע כאַסענעס. זײַן שפּילן האָט אָפּט דערמאָנט דאָס שפּילן פון אַ באַנדורע אַף יאַרידים, איבער וויאָרסטן-ווײַטן סטעפ זיך צעטראָגן און אַהער אין דעם דערבאַיקן כוטאָר געקומען...

אין קליינינקע פענצטערלעך אָנגעקלאַפּט און אַרויסגערופן די פויערים אינדרויסן.

— וואָס גייט עס? עפּשער ווײַטער סאָלדאַטן... וואָס, ווײַטער שוין עפּשער אַ מיל-כאָמע—האָט איינער אַ פויער זיך געקראַצט דעם קאָפּ און ניט פאַרשטאַנען. אַזוי און ניט אַזוי האָט מען עפּעס דעמלט געשפּילט, אַז סאָלדאַטן זײַנען געקומען.

פאַראָבקעס און יונגען האָבן זיך געלאָזט לויפן איבערן סטעפ. אונטער די מוזיק-קלאַנגען האָבן זיי לויפנדיק געטאַנצט, זיך אַרומגעכאַפּט און געהעפּעט אַ דריידל און ווײַטער געלאָפן...

די פאַראָבקעס און דיוטשאַטעס פון די אַרומיקע דערפער האָבן מיט פאַריסענע פיס אין צעיאָגטע קרײַזן געהעפּעט, געפּאַטשט פאַר פרייד מיט די הענט און געליאַרעמט.

— עך, האַק אַ פריילעכס!—און האָבן אין ווילדן עקסטאַז אין אַ קרײַז זיך געדרייט, ווי אַ וויכער-ווינט אין מיטן סטעפ. און אין ווינט-געלאַף גרייט געווען אַלץ אופהויבן און מיטשלעפּן מיטן טאַנץ, און זאָלן זיי זיך דרייען, אָט די מענטשן, אין שטויב און ווי שטרוי אין אַ ווינטער-קרײַז.

— קום אַלטער, קום, וואָס שטייסטו—האָבן זיי געשריען צו אַוורעמקען, און זיי האָבן אים אַ שלעפּ געטאָן און ער האָט געשלעפּט זײַנע שווערע פיס מיט זײַנע האַרטע קאַצאָווישע שטיוול.

ער האָט זיך צוהעפּעט, געפּלאַכטן די פיס צוזאַמען מיט די פאַראָבקעס און דיוו-טשאַטעס, אין טאַנץ צעכראָסטעט דעם זשאַקעט און באַ זיי, באַ די דיוטשאַטעס, האָבן זיך אָנגעבלאָזן די לײַכטע, לײַוונטע העמדער פולע מיט ווינט. די בריסט באַ די דיוטשאַטעס האָבן זיך געריסן, און האָבן ווי באַזונדער געטאַנצט, זיך געריסן פון די קאָפּטעס אַף דער פרײַ.

אַוורעמקע האָט געהעפּעט אַרויסגעריסן זיך פון קאָן און די האַרטע האָריקע הענט אָנגעגאָסן אַ פּאָר האַרטע פויסטן און געוואָלט זיך אַליין שלאָגן פאַר פרייד.

— עך טיו... טיו... טיו — האָט ער אויסגעשריען און די פאַראַבאקעס האָבן געהע-פּעט געשריען, געפּײַפט און אַלץ געמאָנט.

— האַק, האַק נאָך שטאַרקער, האַק, די סטרונעס זאָלן פלאצן!

אַוורעמקע האָט געכאַפּט די קאַצאָווים-יונגען און געשלעפּט אין קאָן אַרײַן, דער קרײַז איז זיך צעפאַלן אַף קרײַזלעך, אַף טאַנצנדיקע פּאָרלעך.

פֿײַוול האָט אַ כאַפּ געטאָן ביילען, אַוורעמקע—מיכליִען און וואָווע—דער שיִקסע, און צעדריִגעוועט די פּיִסלעך, זיִך געדרייט און אויסגעדרייט אָנגעקלאַפּט מיִט די פּיִס, אַז די ערד האָט זיִך גענומען רויכערן איִן שטויב...

באַ מיכליִען האָט זיִך אַ האַנט צעשפּרייט און די האַנט איִרע האָט באַזונדער געטאַנצט און ליִב געפּרוּפֿן צו זיִך נאָך מענטשן, מיִטאַמאָל זיִך צוגעקײַקלט צו ביילען, זי דערלאַנגט אַ שלעפּ:

— דריי זיִך, דריי!

— קומט איִן ראָד, קומט איִן ראָד.

איין ראָד האָט זיִך אויסגעגאָסן פֿון אַלע קאָלעקטיִוון און געוויִגט זיִך צוזאַמען מיִטן סטעפּ און מיִט די גראָזן.

אַף לעצט איִז כאַנקע אויך אַרײַן איִן קאָן, שליאָמקע האָט זי אָנגענומען פֿעסט באַ דער טאַליע, געבויגן זײַן לײַכטע פֿיִגור און צוהיִצט געהעפּעט מיִט כאַנקען. אַ ייִנגל איִז אַרײַן איִן מיִטן קרײַז, גענומען דאָס היִטל איִן מויל, געטאַנצט און געוואַלגערט זיִך אַף ד'ערד און ווײַטער געטאַנצט.

אַזוי האָט מען אָפּגעטאַנצט ביִז שפּעט איִן דער נאַכט.

## אַנטלאָפֿענע ספּעקוליאַנטן.

אַבע וויִליִנסקי, הערשקע פּופּיִק און דער מיט דעם פֿליִכעוואַטן קאָפּ, פֿון קאָלעקטיִוו, וואָס האָט געוואָלט מ'זאָל איִם רופֿן „לעניִן", זײַנען ניִט אָפּגעטראָטן איינער פֿונם צווייטן, אַלץ געדרעט צוויִשן זיִך, ווײַט איִבערן סטעפּ אַרומגעגאַנגען, געקוקט מיִט שטעכנדיקע אויגן, פונקט ווי זיי וואָלטן עפּעס אָנגעוווערן. שליאָמקע האָט זיִך אַלץ אָנגעשטויסן, וואָס דאָ קומט פֿאָר מיִט זײַן טאַטן, אַז איִם ציִט צוריִק צום האַנדל, אַז ער, זײַן טאַטע, איִז ניִט מער, ווי אַ ווערימל איִן דערדאָזיִקער בלאָטע און קאָן אָן איר ניִט לעבן, איִז ער דאַן צוגעגאַנגען צום טאַטן און געזאָגט:

— געדענק, טאַטע, דו קריִכסט איִן בלאָטע, איִן דעם לעצטן זומפּ, פֿונוואַנען דו וועסט ניִט אַרויסקריִכן... דו, טאַטע, מוזט שוין צעפּוילט ווערן אונטער דער ערד, ווי אַ וואָרצל פֿון אַן אַלטן בוים, אָבער איִך קען ניִט, כ'מוז דאָ בלײַבן אַפֿן סטעפּ, וואָס זאָל איִך צוריִק פֿאָרן, ווּהיִן? האַנדלען קען איִך ניִט און טאָר ניִט... לערנען קען איִך ניִט, מ'לאָזט ניִט, כ'מוז דאָ בלײַבן איִן סטעפּ מיִט זיי, מיִט די קאַצאָוויִם-יונגען.

דאַן איִז אַבע וויִליִנסקעס פּניִם געוואָרן פֿול מיִט ראַכמאָנעס צו זײַן אייגענעם זון. ער דערמאָנט זיִך, ווי ער פֿלעגט אַמאָל זיִך אַמפּערן מיִט זײַן ווײַב זעלדע: „וואָס וועט זײַן פֿון איִם אַ דאָקטער, צו אַן איִנזשענער?".

— פֿאָרסטוּ אַוועק, פּאַפּאַשע? טאָ געדענק!...

— כ'קען דאָך ניִט זיִצן ליידיִק, ווייסט דאָך. מ'מוז עפּעס טאָן, ווייסט דאָך, זון, אַז זיי, די קאַצאָוויִם, וועלן סאַי ווי סאַי אופּעסן די ווייץ, לאָמיִך כאָטש אַ האַנדל טאָן, ס'איִז דאָך שוין אַלציינס.

באַ אַבען איִן קאָפּ איִז אָפּגעשווומען אַלץ, ווי אַזוי ער איִז אַהער אַפֿן סטעפּ געקומען... איִם האָט זיִך דערמאָנט דאָס שיִפֿל, וואָס ער האָט פּלאַניִרט אַפֿן טײַך לאָזן, דער וויִנט-מיִל, וואָס וויִנטן וועלן דרייען.

— יאָ, אַ ייִדיִשער קאָפּ דרייט זיִך גיִכער, ווי אַ וויִנט-מיִל, און אַפֿן טײַך קענען נאָר קיִנדער לאָזן פּאַפּיִרענע שיִפֿעלעך, מער ניִט... ס'איִז נאַריִשקייט. ערד בלײַבט ערד. ניִט אומזיסט האָבן ייִדן עס נאָך אַמאָל געוואָרפֿן און הײַנט וויִל מען איִבערכאַזערן, וואָס אַלטע ייִדעס אונדזערע האָבן געטאָן... ס'איִז נאַריִשקײַטן—זאָגט ער ארויס הויך און הערט זיִך

אַליין צו צו דעם, גלײַך, ווי ניט ער וואָלט עס גאָר זאָגן, נאָר עמיצער אַנדערש און ער וואָלט עס צושאָקלען מיטן קאָפּ. הערשקע פּופּיק און דער מיטן פליכעוואטן קעפּל לויפן אָן אַלע ווײַלע און טארען אים.

— פאַרלאטעט די זעק?

— פאַרלאטעט

— די שלייעס צוגעגרייט?

— צוגעגרייט.

— היי אָנגעלייגט?

— אָנגעלייגט.

— אַן עמער אָנגעטשעפּעט אונטערן וואָגן?

— אָנגעטשעפּעט.

— די רעדער אָנגעשמירט?

— אָנגעשמירט.

— פּאָלאַווע אָנגענומען?

— אָנגענומען.

אַזוי שאָקלט ער צו מיטן קאָפּ און ענטפערט אַף אַלץ קורץ, און לאָזט זיך ווײַטער גיין שפּאַצירן איבערן סטעפּ און כעשבנט אויס, וויפל פוד ווייץ קען אַרײַן אין די אָנגענו-מענע זעק. פון צײַט צו צײַט כאַפּט ער אַ בליק אַף דעם פליכעוואטן, אַף דעם נײַעם שוטעף, וואָס זאָגט זיי צו אַ פּאָר הונדערטער אינם געשעפט און אַ זיכערן קוינע פאַר די ווייץ.

באַנאַכט, ווען אַלע זײַנען געשלאָפן, האָבן זיי אָנגעלאָדן די פור מיט ווייץ און שטיל זיך געלאָזט און וועג אַרײַן.

עלנטע הינטישע בילן פון נאָענטסטן כוטער האָבן זיי באַגלייט אין וועג אַרײַן, ווי מ׳באגלייט אַרויס אַ באַרמענען.

ס׳איז געווען פינצטער. די וועגן האָבן זיך ערגעץ באהאלטן אונטער די פאַרהאַנגען פון דער נאַכט.

זיי האָט אָנגעהויבן אַרומכאַפּן אַן איימע. הערשקע האָט מיט גנייוויש אומרו זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן, אים דוכט זיך אויס, אַז אָט יאָגט מען זיי נאָך.

— מ׳זעט דאָך גאָרניט קײַן וועג, מיר פאָרן, דוכט זיך, אין אַ „קאַנאַווע“,—האָט אַבע אומרויק גענומען וועקן.

— ווו ליגט דעם שמידס כוטער, ווייסט איר? דאַרף מען אַ ביסל צו לינקס!

ווו ניט ווו האָבן זיך דורכגעזייט שטיקלעך הימל-גרויקײַט און האָבן אַרויסגעקוקט פון דעם שוואַרצן הימל, ווי פון אַ צעריסענער קלייד.

— אָט דאָרט איז עס, דאַכט זיך—האָט אַבע אָנגעוויזן.

פלוצים האָט דער מיט דעם פליכעוואַטן קעפּל צענויפגעקוועטשט זײַן מויל, איבער-געלאָזן פון זײַן גאַנצן גרויסן מויל אַ קליין לעכעלע, ווי אין אַ פײַפעלע, און גענומען וואָיען, ביז די הינט פונם כוטער האָבן אים אָפּגעענטפערט און גענומען צוזאַמען מיט אים מיטוואָיען.

— אָט הערט איר? אָט דאָרט דאַרף זײַן דער כוטער—האָט ער אָנגעוויזן מיט דער האַנט—דאַרף מען, הייסט עס, אַהער פאָרן—האָט הערשקע אָנגעוויזן. ער האָט אַ שמיץ געגעבן די פערד און זיך געלאָזט רויק פאָרן.

וואָוע כינקעס איז אופגעשטאנען באַנאכט פאַרמישן די פערד און האָט כוץ אַ שטיק פינצטערניש, וואָס אַנטלויפט אַליין פון האַנט, גאָרנישט ניט געקענט אָנטאַפּן. ער האָט זיך פאַמעלעך נענטער גערוקט, ציטערנדיק פון אַן אומגעריכטן קלאַפּ, וואָס קען קומען פון דער פינצטערניש, ביז ער איז צו דער קאָרעטע צוגעקומען און געטראָפן אַף איר הענגען ליי-

דיִקע ריִנגלעך. איִם האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ערגעץ באמבלט זיִך אַ שטריִקל און דאָס שטריִקל איִז אַפֿן האַלדז פֿון אַ פֿערד, וואָס שטייט ערגעץ באַהאלטן איִן דער פֿיִנצטערניִש.

— סיאק. סיאק... סיאק—האָט ער גענומען רופֿן.

מ'שוויַיגט, קיינער ענטפֿערט ניִט.

— מאשיִנקע—וואָס שוויַיגסטו? וואָווע האָט דיִר געבראַכט גוטע מיִשענקע, אַ ביִסל האָבער דיִר אריַינגעשאָטן, ווו ביִזטו, מאַשיִנקע, וואָס שוויַיגסטו?

אַ שוואַרצע נאַכט אַ שטומע האָט געשוויִגן און געקוקט מיִט אומעט און שוויַיגעניִש אַף וואָווען.

— פֿערדעלעך, ווו זיַיט איר? — וואָס מאַכט איִר פֿאַר אַ קונצן, קומט עסן, באָרעך-האַיושוויִם—האָט ער שטאַרקער אויסגערופֿן און וויִדער האָט דער שטאַל, פונקט ווי אַ דעמב געשוויִגן. וואָווע האָט גענומען אַרומלויפֿן מיִט צעשפרייטע אָרעמס איִבערן שטאָל, גלייַך וויִ איינער, וואָס לויפֿט צו עמיִצן אַ פֿריַינט און גרייט זיִך קושן.—סיאַק, סיאַק, סיאַק—האָט ער גענומען שריַיען, נאָכאַמאָל און אַ דריִטן מאָל און מ'האָט אַלץ געשוויִגן. ער האָט גענומען לויפֿן איִן דרויסן. אַפֿן שוועל האָט ער אַריַינגעטראָטן איִן אַ ביִסל נאָך וואַרעמע פֿערדיִשע—מיִסט.

— יאָ מ'האָט זיי אַרויסגעפֿיִרט, ניִטאָ דיִ פֿערד.

האָט ער פֿריִער פֿון דרויסן גענומען נאָכאַמאָל מאָנען:

„סיאַק, סיאַק, סיאַק", נאָכדעם האָט ער געכאַפּט אַן עמער און גענומען קלאַפּן און וועקן אַלעמען:

— דיִ פֿערד זיַינען ניִטאָ! ניִטאָ דיִ פֿערד, שטייט אוף, שטייט אוף!

דיִ קאַצאָוויִם-יונגען האָבן זיִך אופֿגעכאַפּט און גלייַך גענומען לויפֿן, וויִ אונטער זיי וואָלט ברענען.

— וואָס איִז געשען? וואָס איִז?

— ניִטאָ דיִ פֿערד מיִטן וואָגן!

— דיִ קלוניע איִז אַן אָפֿענע—האָט זיִך דערהערט אַ קאָל אַן אומבאַוווסטער, וויִ דיִ נאַכט-פֿיִנצטערניִש וואָלט אויסריידן.

— אַבע איִז אויך ניִטאָ... דאָס האָבן זיי דיִ ווייץ אַוועקגעפֿיִרט.

— יאָגן! וואָס שטייט איִר?

— זאָל זיִך עמיִצער רייַטנדיִק זעצן. צוויי פֿערד זיַינען דאָך נאָך דאָ.

— יאָגן, כאַפּן, און מיימיִסן! ריִרט זיִך!

אַורעמקע האָט זיִך אַוועקגעזעצט אַפֿן פֿערד. דער פֿערד האָט זיִך אונטערגעבריִקעט, געדרייט מיִטן ווייִדל און איִם אַוועקגעשלעפּט.

— או—או—או—האָט זיִך גענומען מיִשן אַן אומפֿאַרשטענדלעכער טומל.

דער טומל האָט שליאָמקען אופֿגעוועקט. דער געלאָף האָט איִם, וויִ אַ גריִנגן פֿעדער, מיִטגעשלעפּט מיִט זיִך. ער איִז געפֿלויגן און ניִט געוווסט, נאָך וואָס און נאָך ווען.

— וואָס איִז!—האָט ער גענומען שריַיען לויפֿנדיִק—וואָס איִז, וואָס לויפֿט מען? און ער האָט גענומען כליִפּען, וויִ אַ קיִנד.

— זאָגט מיִר, וואָס איִז?—נאָר אַלע האָבן געשריִען סטאַם אַזוי אָן ווערטער.

— או-או-או—האָבן זיִך נאָכמער קוילעס גענומען טראָגן—טויטן, מיימעסן! כאַפּט דיִ וויִלעס, דיִ שטעקנס, האַבליעס!

אַלץ, וואָס איִז געווען אונטער דער האַנט, איִז געפֿלויגן, וויִ פֿון אַ וויִנט מיִטגעטראָגן, געפֿלויגן איִן דער לופֿטן, געיאָגט אָבען און הערשקע פופיִק. ווען ס'איִז שוין מער ניִט גע-ווען וואָס צו וואַרפֿן, איִז מען געלאָפֿן כאַפּן דיִ געוואָרפֿענע;

— טויטן, מיימעסן, ספעקוליאַנטן! יאָגט, יאָגט!

דער גאַנצער קאָלעקטיִוו איִז אַרויסגעפֿלויגן איִן סטעפּ, נאַקעטע, האַלב נאַקעטע, איִז מען געפֿלויגן און געיאָגט, געיאָגט און געשריִען:

— שטיי, שטיי, וואַרף די דובינע!

— דאַכט זיך, אָן קריכט עפּעס אַ פֿור.

— וואָרף, וואָס זשאַלעוועסטו?

די הינט פֿונם כוטער האָבן גענומען וואָיען פֿון דער מעהומע.

— שטיי, אַ רוער אין דיין טאַטן אַריין, שטיי, אַבע ספּעקוליאַנט. שטיי דאָרט, ניט ריר זיך, אַ ניט מיימעסן מיר!

— כאַי וואָלט דאָרט באַ דיר אַ ראָד פּלאַצן.

— כאַי וואָלסטו דאָרט דעם קאָפּ אָנווערן, ריבוינעשעלוילעם—האָט מיכליע געשריען, אויסקרענקען זאָלסטו, ווי דו פֿאַרגינסט אונדז ניט אונדזער שטיקל ברויט, אונדזער פֿאַרהאָרעוועט שטיקל ברויט. פֿונוויַיטן האָט אַוורעמקע געגעבן אויסגעשריי-סיגנאַלן.

— עך, דו ספּעקוליאַנטישע זאַראַזע, עך, דו טרייפֿענע צורע...

מיטגעשריען האָט די גאַנצע ברייטע סטעפּ-נאַכט, גלייך, ווי פֿון אירע הויכן און טיפֿן וואָלטן אַרויס אַט די פֿאַרביטערטע קוילעס.

דער גאַנצער קאָלעקטיוו איז געפֿלויגן אָן אויפֿהער, אַ צעהיצטער אָטעם האָט געשלאָגן פֿון זייערע נעזער און מיילער און די נאַכט איז זיי נאָכגעפֿלויגן, ווי ס'לויפֿט נאָך אַ שוואַרצער און אַ קודלאַטער הונט און פֿאַרלויפֿט אומעטום דעם וועג און ווו זיי קומען, טרעפֿן זיי שטיקער נאַכט.

אַוורעמקע האָט מיטאַמאָל דערזען, ווי אַ געדיכטער קנויל שוואַרצקייט דרייט זיך עפּעס אין דער נאַכט אַריין. ער האָט גענומען שטאַרקער יאָגן דעם פֿערד און שריַיען:

— שטיי, טייוול, שטיי!

דער קנויל האָט זיך גענומען גיכער באַוועגן און וואָס גיכער ער האָט זיך באַוועגט, אַלץ קלאָרער האָט ער גענומען אַרויסוויַיזן אַ געשטאַלט פֿון אַ פֿור. די פֿור האָט מיטאַמאָל גענומען הערן געשרייען און אָפּהילכן פֿון פֿערדישע טלאָען.

— מ'יאָגט אונדז, עפּעס שרייַט עמעצער—האָט הערשקע פּופּיק פּיל מיט שרעק גענומען שפּירן.

— שאַט, שאַט, הערט ווי מ'שרייַט,—האָט אַבע, ווי אַ דערשראָקענע מויז, גענומען ציטערן.

— שטייט, שטייט, ניט רירט זיך!—האָט די פֿור דערהערט קוילעס, וואָס טראָגן אין זיך פֿאַרזאָדענעם קאַס.

— טרייַב די פֿערד, הערשקע, טרייַב, יאָג מיט די גאַנצע קויכעס! זשאַלעווע ניט די בייַטש, זאָל פֿון זיי די נעשאָמע אַרויס, אַבע, מיר זאָלן זיך ראַטעווען.

אַוורעמקע איז געפֿלויגן, פֿונדערוויַיטן האָט ער געהאַלטן אין דער גאַנצער גרויס אויסגעשטרעקט אַ הראַבליע און געפֿאָכעט מיט איר אין דער לופֿטן. די נאַכט האָט אנגעהויבן אַוועקריכן פֿון סטעפּ.

אַ טאָג האָט זיך געגאָסן פֿון וויַיטן ערגעץ, ווי ס'צעגיסט זיך אַ טייַך. צום ערשטן איז דער טאָג געווען אַ מונטערער און נאָכדעם אַלץ קלאָרער און זויבערער.

אַוורעמקע האָט שוין געזען נאָענט פֿאַר זיך די פֿור, ווי זי דראַפּעט זיך גיך, גיך אַפֿן באַרג, ער האָט שוין קלאָר געזען אַבען, ווי ער זיצט פֿון אויבן אַף דער פֿור איַינגעוויקלט אין דער בורקע.

— איך מיימעס דיך—האָט ער אויסגעבורשטעט.

— ער איז דאָ, ער איז דאָ!—האָט אַוו עמקע גענומען שריַיען.

זיי, די אַלע, וואָס זייַנען געלאָפֿן, האָבן אַפֿן וויַיסן טאָג פֿונוויַיטן אויסגעזען, ווי קליינינקע שוואַרצינקע פּינטעלעך טינט אַף אַ גרויזאַמען שטיק וויַיסן פּאַפּיר.

— געכאַפּט, ער איז דאָ—האָט ער זיך צעשריען. אידערהויך האָבן זיך געזען שפּיצן פֿון הראַבליעס, ליושניעס, ווילעס, אויסגעוויזן האָט, אַז ניט מענטשן, נאָר אַ וואַלד שטעקנס גייט און דערנעענטערט זיך.

אַוורעמקע איז צוגעלאָפֿן און פֿונדערווײַטן געגעבן אַ זעץ איבערן וואָגן, אַז די קאָפּ פֿון דער הראַבליע איז אַראָפּגעפֿלויגן צוזאַמען מיט די ציין.

— וווּהין לויפֿט איר? וואָס פֿאַר אַ מעשוגענע שטיק פּראָוועט איר? ווער האָט אײַך געגעבן דאָס רעכט אַרויספֿירן אונדזער ווייץ.

— וואָס הייסט?—האָט אַבע אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן—ס'איז דאָך מײַן ווייץ—וואָס הייסט, ווער האָט מיר רעכט געגעבן אַף מיין ווייץ.

— וועסט באַלד ניט נאָר ניט זען דײַן ווייץ, נאָר אַפֿילע ניט דײַן קאָפּ — האָט אַוורעמקע אויסגעשריִען און אים דערלאַנגט מיטן פֿאַרבליבענעם שטעקן פֿון דער הראַבליע.

זיי אַלע האָבן זיך גענומען אָפּרוקן אָנאַזײַט, זיך אײַנגעטוליעט איינער צום צווייטן.

— הער אויף, אַוורעמקע, צו וואָס זיך נאָך שלאָגן—האָט הערשקע זיך געבעטן.

— טרייפֿענע ספּעקוליאַנטן, וואָס איר זײַט! מיט אונדזער בלוט ווילט איר האַנדלען—האָט אַוורעמקע אויסגעשריִען.

דער האַמוין פֿון קאָלעקטיוו האָט זיך דערנענטערט. אַוורעמקע איז אַרופֿגעקראָכן אַף דער פֿור, אַרויסגעכאַפּט די לייצעס בײַ הערשקען פֿון די הענט, מיט איין האַנט צוגעהאַלטן די פֿערד און מיט דער צווייטער געשריִען:—אַהער, גיכער, ער איז דאָ, געפֿאַקט! ער איז דאָ!

זיי זײַנען צוגעלאָפֿן פֿאַרסאָפּעטע און צעפּאַליעטע, פֿון די מײַלער האָט געשלאָגן אַ דאַמף.

— מיימעסן אָפּן אָרט... דערלאַנגט אים, כעוורע.

די הראַבליעס, ליושניעס, באַסטראַמאַקעס האָבן זיך אַוועקגעלייגט איבער דער פֿור און גענומען זיך לייגן איינע איבער די אַנדערע געדיכט, פּונקט ווי מ'דאַרף דערהאַרגענען אַ מויז אונטער שטרוי.

— אָי, גאַזלאָנים, איר האַרגעט אונדז אַוועק—האָט זיך דערהערט אַ קרעכצענדיקער קאָל..

— אָי, אָי, אַי, אַי— מײַן קאָפּ, הערט אויף גאַזלאָנים, וואָס ווילט איר פֿון אונדז!

וואָווע האָט מיט זײַן פּיצל קערפּער זיך געשטופּט צווישן אַלעמען.

— לאָזט מיר אים דערלאַנגען, לאָזט מיר מײַן כיילעק אים אָפּגעבן.

הערשקע פּופּיק און דער מיט דעם פּליכעוואַטע קעפּל האָבן זיך פּלוצים אַראָפּגעקײַקלט פֿון וואָגן און זײַנען געפֿלויגן אונטער די רעדער, ווי צוויי אָנגעוואָרענע זעק. זיי האָבן אַרומגעפּויזעט איבער דער ערד, ווי קליינע ערד-היִנטלעך און נאָכדעם זיך געלאָזן לויפֿן איבערן סטעפּ.

— כאַפּט זיי, כאַפּט זיי—האָט זיך דערהערט אַ געשריי.

— לאָזן זיי לויפֿן צו אַלדע רוכעס, לאָזן זיי לויפֿן. זיי זײַנען ניט שולדיק, דאָס שלעפּט זיי די ספּעקוליאַנטישע זאַראַזע, אָט אים קומט אים איִנגאַנצן, אים קומט אַלץ!

אַבע איז געלעגן צענויפֿגעדרייט, דעם קאָפּ באַהאַלטן אונטערן קאָלנער און זיך געוואָרפֿן, זיך געשפּאַרט צווישן די זעק-שפּאַלטן, ווי אַ מויז וויל זיך באַהאַלטן און זיך קײַן אָרט ניט געפֿונען.

פּלוצים האָבן די פֿערד זיך דערשראָקן פֿון דער מעהומע, פֿון די שטעקנס און האָבן גענומען צעטראָגן דעם וואָגן.

אַבע האָט זיך צעגוואַלדעוועט געשריִען—ראַטעוועט!

נאַכקע איז פֿאַרלאָפֿן פֿון פֿאָרנט, געגעבן אַ שפּרונג און אַ כאַפּ די פֿערד פֿאַר די צוימען

— שטייט, טײַוולאָנים, וווּהין טראָגט אײַך.

מענגעס הענט האָבן זיך ווידער אַ וואָרף געטאָן, אופֿגעהויבן און געפֿאַלן צוזאַמען מיט שטעקנס און הראַבליעס, פּונקט ווי זיי וואָלטן אויסקלאַפּן זאַנגען אַף אַ טאָק און די אַרומיקע לופֿט האָט געפֿײַפֿט און געפֿלויגן אַ ווינטיקע, אַ מעהומעדיקע, ווי זי וואָלט אויך וועלן אַנטלויפֿן.

— עך, קנאַק!...

— עך, לייג! — דערלאַנג!... גיב דוויניעס — האָט יעדערער פֿאַר זיך געקאָמאַנדעוועט. ווי ניט ווי האָט זיך דערהערט, ווי ס׳בּרעכן זיך שטעקנס, שרײַען אָפּ פֿאַר ווייטיק און מישן זיך מיט פֿאַרשטיקטע יאָמערדיקע קוילעס.

— גוואַלד ייִדן... ניט שלאָגט... מײַן קאָפּ איז צעלעכערט... ניט טשעפּע.

— דערלאַנג!... בּייקער... שטאַרקער... ניט געזשאַלעוועט.

— די ספּעקוליאַציע די טרייפֿענע וועלן מיר דיר אַף אייבּיק אַרויסטרײַבּן.

שליאָמקע איז געשטאַנען אַ פֿאַרלאָרענער. אַ געליימטער. ער האָט אויסגעצויגן די הענט און זיי ׳זײַנען געבּליבּן הענגען, ווי אָפּגעכאַלעשטע.

אַ טיפֿער ווייטיק בּיז רעכטן טיף פֿון זײַנע בּלוטן האָט אים אַרומגעכאַפּט, אַ ווייטיק פֿאַרן אייגענעם טאַטן און אַ פֿאַרלאַנג נאָכטאָן די קאַצאָוויִם־יונגען און שלאָגן ספּעקוליאַנטן; אַניט וואָלט זיך אים וועלן אויסשרײַען און זאָלן אַלע הערן:

— וואָס האָב איך דיר געזאָגט, קריכסט אין בּלאָטע, אין אַ זומפּ קריכסטו... — דו מוזט, ווי אַ וואָרצל פֿון אַן אַלטן בּוים, צעפּוילט ווערן אונטער דער ערד.

דאָס האַרץ האָט אים גענומען שטאַרק קלאַפּן, און ער האָט זיך געלאָזן לויפֿן איבּערן סטעפּ און שרײַען.

— טאַטע... טאַטע, וואָס שלאָגט איר מײַן טאַטן...

ער איז געלאָפֿן פֿון מוירע פֿאַר זיך, פֿאַר זײַן געשריי און פֿאַר די קאַצאָוויִם־יונגען, געבּליבּן ליגן אין אַ גראָבּן.

פֿײַוול טאַכלעס האָט מיט די הענט אַלעמען אָפּגעשטופּט פֿונם וואָגן, אַ כאַפּ געגעבּן אַבּען, אים געגעבּן אַ זעץ אָן דער ערד, ווי ער וואָלט וועלן אַ פּלאָקן אַרײַנזעצן אין ד׳רערד.

— די ערד פֿאַרמיסטיקן, טײַוול טרייפֿענער בּיסטו געקומען אַהער.

בּאַ אַבּען האָט געבּלוטיקט איבּגאַנצן דער פּאָנים, ער האָט נאָר געצויגן אַ שווערן אָטעם, וואָס האָט זיך אַלע ווײַלע איבּערגעגעבּן מיט קרעכצן, ווי מ׳וואָלט אונטערהאַקן אַן אַלטן צעטריקנטן דעמבּ. ער איז געווען בּלייך און צעשראָקן, די אויגן זײַנען צעטומלטע אַרומגעלאָפֿן. מאַכטלאָז האָט ער געגעבּן אַ פֿאַל אַף דער ערד, בּלוט האָט געיושעט און גערונען איבּערן פּאָנים, איבּער די קליידער, איבּער דער בּאָרד.

פֿײַוול טאַכלעס און נאכקע האָבּן אים אַף דער פֿור אַרופֿגעלייגט. ער איז געלעגן אַף די זעק דעם קאָפּ פֿאַריסן, די פֿור האָט זיך גערירט.

— ניט טרייסלט שטאַרק, איר טרייסלט די נעשאָמע אַרויס — האָט ער זיך געבּעטן. היק האָט בּאַשלאָגן זײַן פּאָנעם און אים אָנגעצונדן אין רויטקײַט.

די פֿור האָט זיך פּאַמעלעך געצויגן. נאָך איר איז נאָכגעגאַנגען דער גאַנצער קאָלעקטיוו און האָט געשריען, ניט געקאָנט אַנטשוויַגן ווערן.

פֿון עפּעס אַ גראָבּן זײַנען מיטאַמאָל אַרויסגעלאָפֿן הערשקע פּופּיק און דער פֿליכעוואַטער.

זיי זײַנען געווען צעשראָקן, זיך געלאָזט לויפֿן און נאָכדעם פּלוציִם זיך אָפּגעשטעלט, ווי זיי וואָלטן זיך עפּעס דערמאָנט אָן אַ זאַך אַ פֿאַרגעסענע און זײַנען גרייט זיך צוריק אומקערן צוליבּ דעם.

— צו וואָס נאָך שרײַען — איז הערשקע צוגעלאָפֿן צום האַמוין — שוין אָפּגענומען די ווייק, אַן עק, אויס געשעפֿט. קיינער וועט שוין מער ניט האַנדלען... זאָל שוין ווערן רויק.

י. גאָלדמאַן.

# לידער.

* * *

פֿאַרנאַכט, ווען ס'ברענט אַף טונקל-בראָנז דער סאָסנע-וואַלד,
און אין די רייען שוויַיגן גרויזאַם די דיוויזיעס,
קוקט דאַן אַרויס פֿאַרטיַיעטער און פֿאַרכטיק-קאַלט
די האַרטע שיַין, וואָס טוקט זיך אינם שטאָל פֿון שפּיזן.

איך דריק דאַן פֿעסטער צו די קאַלטע ביקס צום לײַב
און כ'בענטש דעם טאָג, די שאָ פֿון מיַין געבוירן,
וואָס אינם גרויסן קאָן איז אויך געשטעלט מיַין לײַב,
וואָס ס'האָט די ציַיט באַלוינט מיט קלאַנג פֿון שטאָל מיַין גורל.

איך ווייס גאָר ניט, פֿאַרוואָס דערמאָנט זיך מיר גראָד דאַן
דעם טאַטנס בלייך געזיכט אין שוואַרצער באָרד פֿאַרהילטער...
גליַיך ער אַליַין וואָלט דאַרפֿן שטעלן זיך צום וואַנט,
אַנטקעגן וועלכער ס'האָט מיַין ביקס היַינט אָנגעצילט זיך...

אָ, לעבן מיַינס, דערוואַכט האָסטו אין פֿלאַם, אין פּיַין,
אין נעכט אין היימלאָזע, אין וויסטן וואָגל,
איז ווען איצטער אָפּדאַנקען פֿאַר אָט דער שיַין,
וואָס האָט מיַין האַרץ פֿאַרפֿולט פונקט, ווי אַ פֿולן לאָגל;

וואָס כ'דארף אַצינד ניט קוקן ערגעץ טיף אַראָפּ,
און ניט קיַין טרייסט דאָרט זוכן באַ די הויכע שטערן,
וויַיל כ'טראָג אַף איינענעם, אף יונג-צעבליטן קאָפּ
אַ רויטאַרמעישן, אַ שיַינענדיקן שטערן.

---

# באַם ברודער-קייווער.

ניין, מע דאַרף ניִט, שווייַג, אָרקעסטער
און דו, טרומייטער נישט, טרומייט,
דיִ זיִן, דיִ טייַערסטע, דיִ בעסטע,
דערמאָנען לאָמיִר שטיִלערהייט.

האָסט ווען געזען—ווייַסע בליִטן
צעשיִטן בוימער פֿאַרן ווּקס,
ווען זיי דערפֿיִלן ערשטן ציִטער
פֿון זייער קומענדיִקער פֿרוכט...

איִך ווייס ניִט, ציִ עס טוט זיי ווי דאַן,
עס טוט זיי ווי דאַן, אָדער ניִט,
ציִ גאָר דיִ שפּעטערדיִקע פֿריידן
פֿאַרגעסן מאַכן יענעם שניִט...

איִז זאָל אַף ליִפּן צוגעפּרעסטע
פֿאַרבליִען וויִדער יענער וויי;
ניין, מע דאַרף ניִט, שווייַג, אָרקעסטער,
דיִ זיִן, דיִ טייַערסטע, דיִ בעסטע,
דערמאָנען לאָמיִר שטיִלערהייט.

---

* * *

וויִ אַלע טעג געווען איִז יענער טאָג,
דיִ וואַליִקעס גערוישט האָבן וויִ שטענדיִק.
נאָר איִך האָב מער, וויִ אַלעמאָל געיאָגט
און האָב דיִ אַרבעט ניִט פֿאַרענדיִקט.

איִך האָב דעם מאַיסטער מייַנעם אָפּגענאַרט,
געזאָגט, אז קראַנק ביִן איִך, אַז כ'ביִן מעסוּק,
און ווען איִך האָב איִן ציִמער זיִך פֿאַרשפּאַרט,
האָב איִך איִן בלויער שויב גענומען קוקן.

וואָס האָב איִך דאַן געזען און באַמערקט—
איִך הויב אליין ניִט אָן איִצט צו געדענקען:
ביִז טונקלקייַט פֿון אָוונט אַלץ געקלערט,
און פּלוצלונג זיִך אַ ריִס געטאָן פֿון בענקל.

דיִ גאַס האָט זיִך געשווענקט איִן אָוונט-בלוי,
דער היִמל איִז געווען אומענדלעך ליידיִק,
און איִך האָב טיִפֿער, צאַרטער זיִך פֿאַרנויגט
פֿאַר אַ באַקאַנטער מיידל.

איִן שפּעטער נאַכט, ווען כ'האָב געקערט אַהיים
(איִן האַרץ איִז שוין געגאַנגען אַ געוויִסער...)
ביִן איִך דאַן פֿרעמד לעם טיר געבליִבן שטיין
און ניִט געפֿונען שוין דעם שליִסל...

האָב איך צו זיך אַליין געטאַינעט: גוט,
דו ביזט דאָך שוין געוואָינט צו זײַן פֿאַרטריבן...
און האָב אין ווילדער שוימיקײַט פֿון בלוט
די ערשטע שורע מײַנע אָנגעשריבן...

אַף מאָרגן האָט אין דרוקעריי
צונויפֿגעקליבן זיך אַ גאַנצע רעדל:
אין מײַן מאַשין געפּלאַצט האָט דאָרט אַ שריף,
איז צוגעקומען קוקן יעדער.

און ווען מע האָט געגעבן שוין דעם קלונג,
און אויסגעזען האָט טונקל און פֿאַרנאַכטיק,
האָט עמיץ מיך געטאָן אַ נעם אַרום
און שטיל געפֿרעגט: ביזט הײַנט אַזאַ פֿאַרטראַכטער...

געוואָלט האָב איך אים ענטפֿערן דערויף,
נאָר יענער האָט קײַן ענטפֿער ניט דערוואַרט זיך:
עס האָט געפּלאַצט, געפּלאַצט אַ שריף
באַ מיר אין האַרצן...

---

# אַ ווינטער-ליד.

דער שניי צעגאַנגען איז. אַף פֿעלדער גרינט שוין קאָרן,
און איך האָב הײַנט דערהערט אַ נײַעם רויש פֿון טיף...
קום שוין, קום שוין, קום צופֿאָרן,
און זאָל שוין זײַן גענוג צו שרײַבן בריוו.

און זאָל שוין זײַן גענוג באַ ראָזער שײַן פֿון שקיע
דעם בלויען אומעט זויגן דורך פֿאַרקלערטער שויב,—
אַף אלע אייוורים מײַנע גייט הײַנט קריע
אין אויסגעשריי פֿון מאָנענדיקן לייב.

עס איז שוין פֿול די לופֿט מיט טומל און געשרייען
פֿון שטראָמען האַסטיקע, וואָס יאָגן אונטער בריק,
נאָר מער פֿון אַלץ קענסטו אליין דערפֿרייען
מיט קלאָרן דורכזיכטיקן בליק.

און אויב איך האָב דעם פֿרילינג אויסגעטראַכט (עס גייט אַ שניי)
און אַף די פֿעלדער גרינט נאָך ניט קײַן קאָרן,—
פֿאַרגיב מיר פֿאַר דעם ליגן, נאָר אלציינס,
קום שוין, קום שוין, קום צופֿאָרן.

---

נ. גאָרדאָן.

# ני̇קלנע בעטן.

א̇ שפּאַס אין פי̇נף בי̇לדער.

## פּערזאָנען:

מ יי ל ע ך — פאָרזי̇צער פון הי̇לפקאַסע.
כ אַ נ ע — זײַן פרוי.
פ ײַ ו ק ע — זייער זון, 10 יאָר אַלט.
ד וו י ר ע — מי̇טגלי̇ד פון ביוראָ, פון הי̇לפקאַסע.
צ וו ײ ט ע ר מ י̇ ט ג ל י̇ ד פ ו ן ב י ו ר אָ — אַן אַרבעטער.
ס אָ נ י ע — אַן אַרבעטערן.
ב אַ ר אַ ב אַ ן — אַן אַרבעטער.
פ אָ ר ז י̇ צ ע ר פ ו ן פ אַ ב ק אָ ם.
פ ר י̇ וו אַ ט ע ר ה ע נ ד ל ע ר.
ש כ יי נ י̇ ם א ו ן ש כ יי נ ע ס.

## ע ר ש ט ע ב י̇ ל ד.

אַ געוויינטלעכער אַרבעטער-צי̇מער.

מ יי ל ע ך (עסט): דערמאָנט זי̇ך ווי̇דער אָן נעכטי̇קע?

כ אַ נ ע: אין וואָס אי̇ז געווען נעכטן?

מ יי ל ע ך: דאָנערשטי̇ק.

כ אַ נ ע: אי̇ז גוט.

מ יי ל ע ך: עס ווערט אי̇ר גאָר ני̇ט מי̇עס.

כ אַ נ ע: אי̇ך ווייס ני̇ט ווען עס דאַרף זײַן מי̇עס: מי̇ר צי̇ די̇ר, די̇ר, דאַכט זי̇ך, אַרט ני̇ט, אַז עס אי̇ז אַ העקדעש אי̇ן שטוב.

מ יי ל ע ך: שוין גאָר אַ העקדעש?

כ אַ נ ע: אַ צי̇מער, וואָס האָט ני̇ט קײַן „אָבסטאַנאָווקע" זעט אויס ווי̇ אַ העקדעש.

מ יי ל ע ך: און אי̇ך האָב די̇ר צוואַנצי̇ק מאָל געזאָגט, אַז מיילעך בײַטש דאַרף ני̇ט האָבן „הי̇נטערפלושקעס", פלי̇טערלעך, קאַנדי̇באַלעס. אַ פראָלעטאַרי̇שע אויסשטאַטונג און גאָר.

כ אַ נ ע: ני̇כײַ וואָלט אי̇ך אַ האָר אָנהויבן צו פאַרשטיין, וואָס דו רעדסט.

מ יי ל ע ך: אי̇ך דאַרף ני̇ט האָבן קײַן קליינבי̇רגערלעכע שטוב.

כ אַ נ ע: גוואַלד, מען דאַרף זי̇ך אַ מאַיסע אָנטאָן, אַז מען קויפט ני̇קלנע בעטן...

מ יי ל ע ך (גי̇ט אַ קלאַפּ אי̇בערן טי̇ש): וואָלסט עפּשער געלאָזן אָפּעסן?

כ אַ נ ע: ווער לאָזט די̇ך ני̇ט עסן? געזען, אַז אי̇ך רייד, קען ער ני̇ט עסן, אי̇ך פאַרשטאָפּ אים דעם מויל. (קליינע פויזע) נאָר אי̇ך וואָלט וועלן זען איין מענטשן, ער זאָל ני̇ט האָבן קײַן ני̇קלנע בעטן.

מ יי ל ע ך: אָט אי̇ז בײַ מי̇ר ני̇טאָ.

כ אַ נ ע: דו ביסט אויך אַ מענטש? שקאַרפעטקע אַ בעגעד. באַ גראַצערן ביסט אָבער געווען? באַ העלערן האָסטו געזען די בעטן? און די גריןנבערגס זייַנען שוין, דאַכט זיך, פאַרטיינע, האָסטו געדאַרפט זען די בעטן מיט דער אָבסטאַנאָווקע, וואָס זיי האָבן יענע וואָך אַרייַנגעשטעלט.

מ יי ל ע ך: באַ דיר שטייען אויך בעטן.

כ אַ נ ע: דאָס איז דען בעטן?

מ יי ל ע ך: וואָס דען איז דאָס—אַ הענגלייַכטער?

כ אַ נ ע: דראָבענעס, ניט קיין בעטן. גיי, זע, וואָס באַ לייַטן שטייט.

מ יי ל ע ך: וואָס שטייט באַ לייַטן?

כ אַ נ ע: באַ לייַטן? וווהין מען גייט ניט אַריין, שטייען ניקלנע בעטן.

מ יי ל ע ך: ווידער ניקלנע בעטן! (גיט אַ קלאַפּ איבערן טיש) גוואַלד, טו מיר אַ טויווע און הער מיר אוף מיט די ניקלנע בעטן. איך האָב הייַנט אָפּגעהאָרעוועט אַכט שאָ, אַז אַ רויך איז געגאַנגען, לאָז מיר כאָטש רויק אָפּעסן.

כ אַ נ ע: איך וואָלט וועלן וויסן, וואָס פאַר אַ העזיק וועסטו האָבן, אז אין צימער וועלן שטיין ניקלנע בעטן?

מ יי ל ע ך: אַ העזיק? זאָג מיר נאָר אַן ערעך, וויפל וועלן דאָס קאָסטן דייַנע ניקלנע בעטן?

כ אַ נ ע: פאַראַן אַלערליי.

מ יי ל ע ך: אָבער אַן ערעך?

כ אַ נ ע: הונדערט פופציק, הונדערט אַכציק און מען קען פאַר צוויי הונדערט אויך קויפן.

מ יי ל ע ך: צוויי הונדערט רובל פאַר בעטן!!

כ אַ נ ע: זע, זע וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן?

מ יי ל ע ך: דו הערסט, וואָס דו רעדסט? צוויי הונדערט רובל!...

כ אַ נ ע: מען וועט טאָן, ווי לייַט טוען. נעמען אַף אויסצאָלן.

מ יי ל ע ך: ווייַטער אַף אויסצאָלן?

כ אַ נ ע: נו וואָס איז?

מ יי ל ע ך: עס פעלט דיר צאָלעניש. פאַרן מאַנטל, אין הילפקאַסע, פאַר די פאַר-אַיאָריקע קאָלדרעס, אין בוי-קאָאָפּעראַציע, פאַר דער אָבליגאַציע, נאָך קנאַפּ?

(עס קומט אַריין אַ שכיינע).

ש כ יי נ ע: איך שטער אייַך ניט? עס פאַסט צו זאָגן ניט קיין געבעטענער גאַסט...

כ אַ נ ע: איר זייַט באַ אונדז גאָר ניט קיין גאַסט.

ש כ יי נ ע: עס רעט זיך אַזוי. נאָר איך בין הייַנט געווען אין מאַגאַזין, האָט ער מיר באַוויזן די בעטן, וואָס אייַך געפעלט. עס פאַסט צו זאָגן אַזוינע בעטן זייַנען איינע אין שטאָט.

כ אַ נ ע: דערציילט עס כאָטש מייַן מאַן.

ש כ יי נ ע: ער האָט זיי נאָך ניט געזען?

כ אַ נ ע: איר הערט דאָך, ער זאָגט, אַז מען דאַרף גאָר קיין בעטן ניט.

ש כ יי נ ע: איר זאָלט עס זאָגן. עס פאַסט צו זאָגן: איך וואָלט עס קיינמאָל ניט געגלויבט אַף אייַך. מייַן מאַן האַלט דאָך אייַך, עס פאַסט צו זאָגן, קימאַט פאַר ניט קיין אַרבעטער: איר הערט, אַז איך האָב אים דאַמאָלסט דערציילט, ־ז איר האָט ניט געוואָלט נעמען קיין געלט פאַר דער „פאָטשינקע", וואָס איר האָט געמאַכט, איז ער געווען, עס פאַסט צו זאָגן, טאַקע „פאַראַזשאַיעט". אַן אַרבעטער, זאָגט ער, זאָל אַזוי פאַסטופּאַיען.

מ יי ל ע ך: אָבער איר זעט דאָך, דאַרפן מיר האָבן בעטן, אַז עס שטייען בעטן?

כ אַ נ ע: נו, רעט איר שוין.

ש כ יי נ ע: עס פּאַסט צו זאָגן, מען דערמאָנט זיך, ווען מען איז אַ מיידל געווען. מײַן מאַן, ער איז דאַמאָלסט מײַנער אַ כאָסן געווען, האָט געוואָלט דעם שידעך אָפּלאָזן צוליב דעם פּלושענעם גאַרניטער מעבל, וואָס מען האָט אים צוגעזאָגט. מיר מעגן דאָס איצטער פֿאַרמאָגן, וואָס מען האָט אים דאַמאָלסט געגעבן. מײַן טאַטע, עס פּאַסט צוזאָגן, ער זאָל דאָרטן אַ ליכטיקן גאַניידן האָבן, האָט ניט קײַן קליינע געשעפֿטן געפֿירט מיט וואַלד, נאָר, עס פּאַסט צו זאָגן, מײַן מאַן איז אויך אַ יאַכסן געווען, ער האָט נעקאָנטשעט פֿינף קלאַסן, האָט ער געקאָנטשעט...

מ יי ל ע ך: איך וואָלט וועלן באַ דיר פֿרעגן, וואָס איז מיר נויטיקער, אַ פּאָר ניקלנע בעטן, וואָס איך האָב ניט ווו צו שטעלן, אָדער וועש. און נאָך אַ זאַך—איך וואָלט זאָגן, אַז דער דאָקטער פֿון אַמבולאַטאָריע האָט דיר אַליין אויך געהייסן אויסטרינקען אַ ליטער מילך.

כ אַ נ ע: קיינער זעט ניט, וואָס עס טוט זיך אונטן, און דאָ, ווי נאָר מען גייט אַרײַן, גיט גלייך אַ האַק אין די אויגן.

ש כ יי נ ע: עס פּאַסט צו זאָגן, מען דאַרף קנײַפּן די באַק און שטעלן די פֿאַרב.

מ יי ל ע ך: אויב די באַקן זײַנען ניט קײַן רויטע, איז ניטאָ זיי וואָס צו קנײַפּן.

ש כ יי נ ע: ווו צוויי שלאָפֿן דאַרף זיך דער דריטער ניט אַרײַנמישן. נאָר איר ווייסט נאָך וואָס איך בין געקומען? איך האָב געוואָלט בעטן אײַער ביכעלע פֿון קאָאָפּעראַטיוו, אויב איר דאַרפֿט אים ניט. מען האָט איצטער, זאָגט מען, געבראַכט אַזוינע גוטע סכוירעס.

כ אַ נ ע: דעם קאָאָפּעראַטיוונעם ביכעלע? איך ווייס אויך ניט, מיילעך, דו האָסט דעם ביכעלע ניט געזען?

מ יי ל ע ך: אַף וואָס דאַרף איך אים?

כ אַ נ ע: איך געדענק ניט, דאַכט זיך, איך האָב אים הײַנט ניט געהאַלטן.

מ יי ל ע ך: איך וואָלט זאָגן, איך האָב אים אַפֿן פֿענצטער געזען.

ש כ יי נ ע: (גיט אַליין אַ קוק) זעט. ער ליגט טאַקע אַפֿן פֿענצטער. עס קען זײַן, אַז איך וועל ניט נעמען און עפּשער וועל איך יאָ נעמען, עס פּאַסט צו זאָגן, ווען איר וועט אַרײַנגיין, וועל איך אײַך אים אָפּגעבן (אָפּ).

מ יי ל ע ך: וואָס אַ כאַזער קען!

כ אַ נ ע: שאַ, שאַ, זי איז דאָך אָקאָרשט אַרויס.

מ יי ל ע ך: וואָס האָב איך מוירע פֿאַר איר און פֿאַרוואָס האָסטו איר ניט געקאָנט זאָגן, אַז דו האָסט פֿאַר איר ניט קײַן קאָאָפּעראַטיוו-ביכעלע?

כ אַ נ ע: וואָס זאָגט איר אַפֿן אונטעראויוונדיקן העלד? האָסט דאָך זיך אַליין אַרויס-געכאַפּט, ווו ער ליגט, געזען, אין גאַנצן קאָרידאָר נעמט זי באַ אַלעמען די קאָאָפּעראַטיווע ביכלעך.

(עס קומט אַרײַן אַ שאָכן).

ש אָ כ ן: וואָס פֿאַר אַ דיסקוסיע פֿירסטו מיט דײַן ווײַב?

מ יי ל ע ך: מײַן ווײַבל, דוכט זיך, זי האָט ערשט כאַסענע געהאַט. זי האָט כיישעק צו נײַע בעטן.

ש אָ כ ן: גיט מיר, וועל איך זיי אײַך אָפּפֿאַרבן, וועלן זיי זײַן נײַע.

מ יי ל ע ך: זי וויל ניקלנע.

כ אַ נ ע: און איך וועל טאַקע קויפֿן.

מ יי ל ע ך: דאָס וועלן מיר נאָך זען.

כ אַ נ ע: אַז ווער דאַרף האָס באַ דיר פֿרעגן? האָסט געהערט, וואָס מען רעט אַף פֿרויען-פֿאַרזאַמלונגען. דאָס ווײַב האָט דיזעלבע דייע אין שטוב, ווי דער מאַן.

שאָכן: עהע, דײַן פּלויניסטע איז דאָך גאָר פֿון די הויך-באַוווסטזיניקע. עפּשער ווייסטו דערפֿאַר וויפֿל דער זייגער איז? מײַן זייגער האָב איך פֿאַרגעסן אָנציען און דאָ דאַרף איך גיין אין קלוב אַף אַ זיצונג.

מיילעך: גוט וואָס דו האָסט מיך דערמאָנט. איך האָב דאָך נאָך אויך הײַנט אַ זיצונג פֿון הילף-קאַסע. (אַ קוק אַפֿן זייגער) אַ! אַ! אַף אַ האַלב שאָ האָב איך פֿאַר-שפּעטיקט צוליב דײַנע בעטן. אָבער הערסט, כאַנע, מער זאָל באַ מיילעכן אין שטוב ניט שטיין אַפֿן טאָג-אָרדענונג די פֿראַגע וועגן די בעטן. אויס מיט די ניקלנע בעטן.

## צווייטע בילד

אין „רויטן ווינקל”, דווירע און נאָך אַ מיטגליד פֿון ביוראָ.

(עס לויפֿט אַרײַן מיילעך)

מיילעך (פֿאַרסאָפּעט): כאַווײרים, איר וואַרט שוין לאַנג?

דווירע: מער ווי אַ האַלבע שאָ.

מיילעך: ביז מען עסט אָפּ, אַ הער, אַ הין... וואָס האָבן מיר אַפֿן טאָג-אָרדענונג?

מיטגליד פֿון ביוראָ: מעלדונגען.

דווירע: מען ווייס, אַז ניט קײַן פּאָליטישע פֿראַגן.

מיילעך: אירט עפּשער באַטראַכט?

מיטגליד: אָן פֿאָרזיצער?

מיילעך: איך וואָלט אײַך צו פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט ניט צוגעצויגן.

דווירע: כאַווײרים, איך האָב נאָך הײַנט צוויי קרײַזן, אַלזאָ דאַרף מען צוטרעטן צו דער זיצונג.

מיילעך: מיר טרעטן צו. (ציילט די מעלדונגען), איינס, צוויי, דרײַ, פֿופֿצן. ניש-קאָשע פֿון אַן אוילעם האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך מעזוממען.

מיטגליד: מען זאָל ניט דאַרפֿן אָנקומען צו אַן אויסלענדישער האַלוואָע?

מיילעך: מיינסט, אַז מיר האָבן קײַן אַווטאָריטעט ניט?

דווירע: כאַווײרים, איך האָב נאָך הײַנט צוויי קרײַזן.

מיילעך: גוט, מיר הויבן אָן (צום מיטגליד פֿון ביוראָ) פֿיר דעם פּראָטאָקאָל, איך וועל די מעלדונגען לייענען (לייענט) „אין הילף-קאַסע פֿון אונדזער פֿאַבריק. מעלדונג. אַזוי ווי איך בין אַ טשלען אין הילף-קאַסע פֿון דרײַונצוואַנציקסטן יאָר, וואָס דאָס קען באַשטעטיקט ווערן דורך דער גאַנצער מאַסע. און אַדאַנק די סיטואַציע, וואָס האָט זיך געשאַפֿן דורך די געהעריקע באַדינגונגען, וועלכע האָבן געבראַכט צו דער מאָראַלישער נויטווענדיקײַט און אַזוי, ווי איך האַלט אויס ניט קײַן אַרבעטנדיקן עלעמענט, מײַן שוויגער, בעט איך מען זאָל מיר לײַען זעכציק רובל. שלוימע באַראַבאַן”.

דווירע: ווער איז דער באַראַבאַן?

מיטגליד: אַ נאַפּקעמינע, אָבי ניט קײַן פויק.

דווירע: ער אַרבעט באַ אונדז?

מיילעך: באַ אונדז, וואָינט מיט מיר אין איין קאָרידאָר.

דווירע: זעכציק רובל, מיר האָבן דאָך ניט אַזאַ באַשטימונג?

מיילעך: אַזאַ סומע קען מען ניט אַרויסגעבן אָן די געהעריקע מאָטיוון.

מיטגליד פֿון ביוראָ: פֿאַרפֿיקסיר איך.

מיילעך: פֿאַרפֿיקסיר.

מיילעך: (לייענט) אין דער הילף-קאַסע פֿון אונדזער פֿאַבריק אַ מעלדונג איך האָב געדינט אין דער רויטער אַרמיי, אַלס פֿרײַוויליקער פּראָלעטאַריער, וואָס איז געוואָרן

געהעריק אָפּגעשאַצט דורך די אָרגאַנען, פֿון צווייונצוואַנציקסטן יאָר האָב איך געאַרבעט אין פֿאַבריק פֿאַרן פוד מעל און אַזוי, ווי איך לעב מיט מײַן מאַמען, וועלכע איז אויך געווען אַ פּראָלעטאַרקע, בעט איך מען זאָל מיר לײַען פֿינפֿונצוואַנציק רובל אַף צו פֿאַריכטן באַ מײַן מאַמען און אין שטוב דעם דאַך.

מיטגליד: כאַ, כאַ, כאַ באַ ווע‏מען דאַרף מען דאָס פֿאַריכטן דעם דאַך? באַ דער מאַמען, צי אין שטוב?

דווירע: כאַווײרים, איך רעכן, אַז פֿון אונדז איז דאָס ניט אויסגעהאַלטן?

מײלעך: וואָס?

דווירע: לאַכן פֿון אַ פּראָלעטאַריער, אויב ער קען זיך ניט גוט אויסדריקן.

מיטגליד פֿון ביוראָ: מען דאַרף דאָך אָבער פֿעסטשטעלן, וואָס מען דאַרף פֿאַריכטן.

דווירע: כאַווער, אָן כאָכמעס.

מיטגליד פֿון ביוראָ: זע, זע, דו ביסט דאָס די פֿאַרטיידיקערן פֿון פּראָלעטאַריאַט?

דווירע: ניט קײַן פֿאַרטיידיקערן, אָבער לאַכן דאַרף מען ניט.

מײלעך: און איך זאָג, אַז עס איז שוין צײַט אַן אַרבעטער זאָל קענען אָנשרײַבן אַ מעלדונג.

דווירע: גערעכט, אָבער אַז ער קען ניט, דאַרף מען ניט לאַכן.

מיטגליד פֿון ביוראָ: אַז מען וועט לאַכן, וועט ער זיך שעמען, און אַז ער וועט זיך שעמען, וועט ער אַ צווייטן מאָל אָנשרײַבן בעסער.

דווירע: אונטער די אויגן?

מיטגליד פֿון ביוראָ: אין די אויגן וועל איך אים אויך זאָגן, אַז ער איז אַ גאָגעלע און קען ניט אָנשרײַבן אַ מעלדונג. שאַט, כאַווײרים, איז ווי זאָגט איר, פֿיקסירן,

מײלעך: אוואַדע פֿיקסירן.

מיטגליד פֿון ביוראָ: איך פֿיקסיר...

מײלעך (נעמט א מעלדונג, דרייט זי אין האַנט, לייענט): Заявлеине. Ув
.каса здаровья. Выдать

מיטגליד פֿון ביוראָ: וואָס איז עס פֿאַר אַ מעלדונג?

מײלעך: אין רוסיש.

מיטגליד פֿון ביוראָ: עס איז דער עמעסער רוסיש.

מײלעך (דערלאַנגט די מעלדונג דעם מיטגליד פֿון ביוראָ): עפּשער וועסטו קענען דורכקריכן?

מיטגליד פֿון ביוראָ: איך האָב פֿײַנט צו ברעכן די ציינער.

דווירע: מען דאַרף זען, ווער שרײַבט זיך אונטער אַף דער מעלדונג.

מײלעך: עפּעס איינע סאָניע, סאָניע סיוועאָסער, אַהאַ, איך קען זי, זי קומט אַלע מאָל צו דער אַרבעט מיט אַ ביסעלע פּודרע און רויטע ליפּעלעך. (גיט אַ וואָרף די מעלדונג) אָבער אַ צאָרע, אַלע, וואָס קענען ניט קײַן רוסיש, שרײַבן רוסיש.

מיטגליד פֿון ביוראָ: עס מוז אַף איר זײַן אַ צאַרבאַלעכאַים, זי מוז נעבעך קײַן ייִדיש אויך ניט קענען.

דווירע: און איך בין מיט אײַך, כ׳ מיילעך, ניט אײַנשטימיק, איך זאָג, אַז מען מעג שרײַבן אַף רוסיש אויך.

מײלעך: ווער זאָגט, אַז ניט? אָבער שעמען זיך מיט דער אייגענער שפּראַך איז קליינבירגערלעך.

דווירע (לאַכט): איר מוסט זײַן אַ ציעניסט, ציעניסטן זאָגן, אַז מען דאַרף זײַן נאָר ייִדן און ריידן אַף ייִדיש,

מ ײ ל ע ך: כאַווערטע פֿון ביוראָ, איר האָט א טאָעס, אלע ציעניסטן באַ אונדז אין שטעטל האָבן דאַווקע געקנאַקט אף רוסיש, אַז א רויך איז געגאַנגען. (אופּטריט באַראַבאַן).

ב אַ ר אַ ב אַ ן: דאָ איז די זיצונג פֿון הילפּקאַסע?

ד וו י ר ע: יא.

ב אַ ר אַ ב אַ ן: איך האָב געוואָלט נעמען אַ וואָרט.

מ ײ ל ע ך: רייד.

ב אַ ר אַ ב אַ ן: איך האָב דערלאַנגט א מעלדונג.

מ ײ ל ע ך: ווייס מען.

ב אַ ר אַ ב אַ ן: איז וואָס האָט מען באַשטימט?

מ י ט ג ל י ד פֿ ו ן ב י ו ר אָ: לוי מיט אַן אַלעף.

ד וו י ר ע: באַשטימט ניט אַרויסגעבן.

ב אַ ר אַ ב אַ ן: וואָס הייסט ניט אַרויסגעבן?

מ ײ ל ע ך: כאַווער באַראַבאַן, מיר האָבן אַ באַשטימונג פֿון דער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג, מער פֿון דרײַסיק רובל ניט אַרויסגעבן.

ב אַ ר אַ ב אַ ן. ווער האָט דאָס באַשטימט?

מ ײ ל ע ך: די אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג, דאַכט זיך אַליין געהויבן א האַנט.

ב אַ ר אַ ב אַ ן: און ווי איז, אַז איך האָב אַ מאָראַלישע נויטווענדיקײַט. איך דאַרף האָבן מער פֿון דער נאָרמע, זאָל איך שוין שטאַרבן אין גאַס?

מ ײ ל ע ך: דאַרף מען האָבן מאָטיוון?

ב אַ ר אַ ב אַ ן: וואָסערן מאָטיוון?

מ ײ ל ע ך: אז מען איז קראַנק, אָדער אַזוי אַ שלעכטע לאַגע.

ב אַ ר אַ ב אַ ן (אופּגערעגט): ווילט איר אַנדערש ניט, דער אַרבעטער זאָל קרענקען?

ד וו י ר ע. ווער וויל דאָס?

ב אַ ר אַ ב אַ ן: אָט הער איך רייד. שיינע פֿאָרשטייער האָבן מיר.

מ ײ ל ע ך: כאַווער באַראבאַן, דאָס איז אַ דעמאַגאָגישע באַשטעטיקונג פֿון דער פֿראַגע. איר זײַט אַליין געווען אַף דער פֿאַרזאַמלונג. ווו מען האָט באַשטימט ניט אַרויסגעבן גרעסער פֿון דער נאָרמע, סײַדן אַזוי אין אַן אויסערגעוויינלעכן, עפּעס אַזוי אין אַן אויסערגעוויינלעכן צושטאַנד.

ב אַ ר אַ ב אַ ן: איך וואָלט וועלן וויסן, וואָס הייסט בא אײַך אַן אויסערגעוויינלעכער צושטאַנד?

מ ײ ל ע ך: נו טאַקע, אַז אַן אַרבעטער קרענקט אַ לענגערע צײַט.

ד וו י ר ע: עס איז רעכט ניט צו קרענקען. נאָר לאָמיר זאָגן, ער וואָינט אין שלעכטע באַדינגונגען.

מ י ט ג ל י ד פֿ ו ן ב י ו ר אָ: אָדער אַז אַן ארבעטער האָט דרײַפּערטל טוץ קינדער און די ווײַב שענקט אים צוויי צווילינגס פֿאַר א מאָל.

ד וו י ר ע: מען קען עפּשער זײַן מער אויסגעהאַלטן?

מ י ט ג ל י ד פֿ ו ן ב י ו ר אָ: עס טרעפֿט ניט?

ב אַ ר אַ ב אַ ן: און ווי איז, אַז איך וויל ניט קרענקען, און ניט האָבן קײַן צווילינגס, נאָר קויפֿן אַ „וועשק“?

מ ײ ל ע ך: וואָס פאַר אַ „וויעשק“?

ב אַ ר אַ ב אַ ן: אַ וועשק!

מ ײ ל ע ך: עפּשער גאָר ניקלנע בעטן?

ב אַ ר אַ ב אַ ן: און אַז ניקלנע בעטן?

מײלעך: איז אַף דעם גײסטו לײַען געלט אין הילפֿקאַסע? זאָג, איז באַ דיר דער קאָפּ פֿון אַ באַװוסטזיניקן פּראָלעטאַריער? איר הערט, כאַװײרים, אַלע צאָרעס און אומגליק װאַקסן נאָר פֿון די װײַבער.

באַראַבאַן: און װאָס אַרט אײַך פֿאַר מײַן װײַב? און װעלכע פּראָגראַמעס שטײט דאָס, אַז אַ באַװוסטזיניקער פּראָלעטאַריער דאַרף ניט האָבן קײַן ניקלנע בעטן?...

דװױרע: שאַ. װי קומען אַהער װײַבער?

מײלעך: אַז זײַן לײען װאָלטן אין קאָפּ ניט אַרײַנגעפֿאַלן קײַן בעטן, װאָלט באַראַבאַן ניט געגאַנגען אין הילפֿקאַסע לײַען געלט.

דװױרע: כאַװײרים, איך פּראָטעסטיר און דערקלער קאַטעגאָריש, אַז דאָס איז פֿון אײַך ניט אױסגעהאַלטן. פֿונװאַנען װײסט איר, אַז דאָס װײַב איז דאָ שולדיק און ניט דער כאַװער באַראַבאַן?

באַראַבאַן: פֿאַרװאָס זאָל איך ניט װעלן, איך װיל אױך עס זאָל זײַן אַן „אָב־סטאַנאָװקע" אין שטוב (אופּטריט סאָניע).

סאָניע: דאָ איז די זאַסעדאַניע פֿון דער קאַסע װזאַימאָפּאָמאָשצי?

מײלעך: דאָ.

סאָניע: איך האָב דאָ דערלאַנגט אַ זאַיאַװלעניע.

מײלעך: װאָס פֿאַר אַ זאַיאַװלעניע?

סאָניע: איך װיל מען זאָל מיר אַרױסגעבן פּאָסאָביע צװאַנציק רובל.

מײלעך; פּאַסאָביע?

סאָניע: נו יאָ, פּאָסאָביע.

דװױרע: אַף װאָס דאַרפֿט איר, כאַװערטע, פּאָסאָביע.

סאָניע: װאָס הײסט אַף װאָס דאַרף איך? איך בין דאָך עפּעס אַ „טשליען" פֿון דער קאַסע, פֿאַרװאָס זאָל מען מיר ניט אַרױסגעבן קײַן פּאָסאָביע?

דװױרע: כאַװערטע, „פּאָסאָביע" האָבן מיר דאַן רעכט אַרױסצוגעבן, װען אימע־צער האָט מאָטיװן.

סאָניע: מאָטיװן? װאָס איז דאָס מאָטיװן? װאָסערע מאָטיװן, איר מײנט, אימע־צער זאָל זיך פֿאַר מיר רוטשאַיען.

דװױרע: מיר גלױבן אײַך אַלײן אױך, אַן אַרבעטער גלױבן מיר, מען דאַרף אָבער האָבן מאָטיװן.

סאָניע: װאָסערע מאָטיװן דאַרפֿט איר? איך װײס, מען האָט מיר געזאָגט, „װאָ־אָבשטשע" איך זאָל גײן אַף דער „זאַסעדאַניע", װעט מען מיר געבן געלט.

מײלעך: איך זע, אַז איר װעט בײדע צו קײַן טאָלק ניט קומען, אײנער זאָגט קוימען, זאָגט דער צװײטער קראַץ. זאָגט מיר, כאַװערטע, איר װילט נעמען געלט אַרױס־גײענדיק פֿון אײערע עקאָנאָמישע נויטבאַדערפֿטיקײַטן, אָדער לײַען אַף אױסצאָלן?

סאָניע: װאָס הײסט דאָס ניט אָפּצאָלן. איר קענט פֿרעגן „װאָאָבשטשע" אַף אונ־דזער גאַנצער „סעמײסטװע", אױב מיר האָבן אימעצן צודרײט אַ קאָפּיקע.

מיטגליד פֿון ביוראָ (צו מײלעכן): די „זאַיאַװלעניע" מוז זײַן דער כאַ־װערטעס.

מײלעך: כאַװערטע, װי איז אײַער נאָמען?

סאָניע: װי מען רופֿט מיך? סאָניע סיװעאָסער. אַזוי האָב איך זיך אונטערגע־שריבן אַף דער „זאַיאַװלעניע".

מײלעך: אַ רוסישע?

סאָניע: הערסט, װי דען? אין ייִדיש קען מען אױך שרײַבן אַ „זאַיאַװלעניע"?

מײלעך: אָט זײַנען באַ אונדז פֿאַראַן מעלדונגען אין ייִדיש אױך.

סאָניע: יאָ „װאָאָבשטשע", איך שרײַב „װאָאָבשטשע" ניט קײַן ייִדיש.

מיטגליד פון ביוראָ: איר קענט ניט?

סאָניע: וואָס איז דאָ צו קענען? באַ אונדז איז די גאַנצע סעמייסטווע אַן „אָבּ-ראַזאָוועטע“...

מיילעך (דערלאַנגט איר די מעלדונג): נאָט, לייענט אונדז איבער אײַער „זאַ-יאַוולעניע“.

סאָניע: „פּאָזשאַלעסטע“ אווו קאַסו... (נעמט לייענען און פּלאָנטערט זיך) אָדניִם סלאָוואָם, וואָאָבשטשע, איך בעט מען זאָל מיר אַרויסגעבן צוואַנציק רובל „פּאָסאָביע“.

מיילעך: קעדיי די ביוראָ זאָל האָבן איר אַוטאָריטעטע מיינונג און האָבן אַ קלאָר-קײַט אין דער פראַגע, דאַרפט איר, כאַווערטע, אַליין אונדז איבערלייענען די מעלדונג.

סאָניע: „אָדניִם סלאָוואָם“ איך וועל די מעלדונג איבערשרײַבן אינדערהיים אַף אַ ריינעם שטיקל פּאַפּיר (אָפּ).

מיטגליד פון ביוראָ: כאַ, כאַ, זי האָט די עמעסע „אָבראַזאָוואַניע“.

דווירע: כאַווער, מען דאַרף זײַן אויסגעהאַלטן.

באַראַבאַן: איז ווי, כאַווירים, שטייט די פראַגע מיט מײַן מעלדונג?

מיילעך: כאַווער באַראַבאַן, מיר האָבן אַ דירעקטיוו פון דער מאַסע.

דווירע: איר דאַרפט דאָך, כאַווער, אַליין פאַרשטיין, אײַך זאָלן מיר געבן אַף ניקלנע בעטן זעכציק רובל, און דערנאָך וועט איינער קומען לײַען, אַז באַ אים וועט זײַן אימעצער ניט געזונט.

מיילעך: הערסט, באַראַבאַן, אַף ניקלנע בעטן לײַט די הילף-קאַסע ניט קײַן געלט.

(אופטריט פײַוקע).

פײַוקע (צו מיילעכן) טאַטע, די מאַמע האָט דיך גערופן.

מיילעך: אַף וואָס דאַרף זי מיך?

פײַוקע: איך וויס ניט.

מיילעך: גיי זאָג, איך קום באַלד.

פײַוקע: די מאַמע האָט געזאָגט, זאָלסט שוין גיין.

מיילעך: האָסט אַ מויל, צי ניט? קענסט זאָגן אַף וואָס די מאַמע רופט מיך?

פײַוקע: זי האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף דיך נויטיק האָבן.

מיילעך: אימעצער איז געקומען?

פײַוקע: יאָ.

מיילעך: וואָס דאַרף ער מיך?

פײַוקע: איך וויס ניט, נאָר די מאַמע האָט געזאָגט: בעטן.

מיילעך: וואָס פאַר אַ בעטן?

פײַוקע: ניקלנע בעטן, וואָס די מאַמע קויפט באַ אים.

מיילעך (צעטומלט): בעטן?... ניקלנע בעטן, ווער קויפט דאָס? די מאַמע? גיי שוין, זאָג דער מאַמען, הערסט, וואָס איך זאָג דיר, זאָג דער מאַמען—עס זאָל באַ מיר אין שטוב ניט געדאַכט ווערן קײַן בעטן, איך דאַרף ניט האָבן קײַן ניקלנע בעטן. אַרויסוואַרפן וועל איך זי מיט די בעטן צוזאַמען.

## דריטע ביל ד.

(באַ מיילעכן אין צימער. כאַנע, מיילעך און דער פּריוואַטער הענדלער).

כאַנע: אָבער מײַן קאָפּ זאָל לעבן, ווי איך האָב אָבער געוווסט ווּהין צו שיקן.

מיילעך (קאַעסדיק): אַף וואָס דאַרפסטו מיך אַזוי עקסטרענע האָבן?

כאַנע (טראָציק): איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך דיר.

פריוואַטער הענדלער: „אַ וופּאָלנע זאַקאָנע זשעלאַניע“.

כ אַ נ ע: געזעץ, אַ מינוט זאָל מען זײַן ליכטיקע צורע אין שטוב ניט קענען אָנקוקן.

מ יי ל ע ך: אָבער קענסט דו מיר ניט זאָגן, וואָס האָט דיר אַזוי אָנגעשפּאַרט שיקן נאָך מיר.

כ אַ נ ע: האָסט עפּשער אַ ביסעלע צײַט, וועט מען דיר אַלץ דערציילן. נישקאָשע, דאָ אין שטוב זיצן אויך מענטשן מיט וועמען מען קען אַ וואָרט אויסריידן.

פ ר י וו אַ ט ע ר  ה ע נ ד ל ע ר: מיר ריידן טאַקע מיט אײַער פֿרוי וועגן טשאַסטנע קאָמערציע און גאָסודאַרסטווענע פּרעדפּריאַטיעס. איר זײַט עפּשער אַ קאָמוניסט, וועל איך ניט ריידן, נאָר וואָאָבשטשע... איך האָב אַפֿילע גערעט מיט אַ פֿולע אָטוועטסט־ווענע קאָמוניסטן. זײַנען זיי אויך מיט מיר וופּאָלניע סאָגלאַסנע.

כ אָ נ ע: איר קענט ריידן. ער האָט אַזוי מעשוגאַעסן, נאָר קײַן קאָמוניסט איז ער דערווײַל נאָך ניט.

פ ר י וו אַ ט ע ר  ה ע נ ד ל ע ר: מײַן טאָטשקע זרעניע איז אַזאַ. דאָס, וואָס דער ראַבאָטשע קלאַס איז געוואָרן אַ סאָזנאַטעלנער, איז גאַנץ גוט. וואָס מען האַלט פֿון אים אומעטום בין איך ניט פּראָטיוו, וואָרום איך אליין שטאַם אויך פֿון ראַבאָטשע, נאָר האַנדלען, קאָמערציע, האָבן זיי געדאַרפֿט לאָזן...

מ יי ל ע ך: און אַז איך קויף אין קאָאָפּעראַציע איז מיר אַוואַדע זויער.

פ ר י וו אַ ט ע ר  ה ע נ ד ל ע ר: איר וועט מיר קאָנעטשנע איזוויניאַיען. נאָר איר פֿאַרשטייט ניט מײַן טאָטשקע זרעניע. איך גיי דאָך ניט אַרויס פֿון מײַנע טשאַסטנע אינטערעסן, נאָר דאַווקע פֿון גאָסודאַרסטווענע.

מ יי ל ע ך: די קאָאָפּעראַציע געהערט אויך דער ראַטנמאַכט.

פ ר י וו אַ ט ע ר  ה ע נ ד ל ע ר: וופּאָלניע סאָגלאַסנע. נאָר דאָס איז מײַן טאָטשקע זרעניע. ווען איר גייט קויפֿן צו אַ טשאַסטנעם, נעמט מען אײַך אויף מיט דער גרעסטער פּאָטשטעניע, ווײַל אַ טשאַסטנער קרעמער ווייס זיך, ווי צו אָבראַשטשאַיען מיט אַ פּאָקופּאַטעל.

מ יי ל ע ך: אַף קאָפּאָרעס דאַרף איך האָבן, מען זאָל פֿאַר מיר די היטל אַראָפּנעמען.

כ אָ נ ע: און איך זאָג אויך, אז עס איז טאַקע בעסער, ווען מען נעמט מיך גוט צו אין קראָם, און ניט, אַז איך גיי אַרײַן אין קאָאָפּעראַטיוו און איך וויל אויסקלײַבן, פֿאַרדרייט מיר די פּריקאַזטשיצע איר שיינעם נעזעניו.

מ יי ל ע ך: אויסקלײַבן, אויסקלײַבן...

פ ר י וו אַ ט ע ר  ה ע נ ד ל ע ר: דאָ זעט איר, האַלט איך שוין די סטאָראָנע פֿון אײַער פֿרוי. וואָס הייסט אַ פּאָקופּאַטעל ניט לאָזן אויסקלײַבן?

מ יי ל ע ך (צו כאַנען): האָסט נאָך מיר געשיקט מען זאָל מיך לערנען פּאָליטגראַמאָטע? איך האָב ווער עס זאל מיך לערנען. זאָג, אַף וואָס דאַרפֿסטו מיך האָבן? (אַ קלאַפּ אין טיר).

כ אַ נ ע: גייט אַרײַן.

(אופֿטריט שכיינע).

ש כ יי נ ע: אַ, פּאַניע בוריק, גוט מאָרגן. עס פּאַסט צו זאָגן פֿאַרבלאָנדזשעט גאָר אין אונדזער ווינקל.

פ ר י וו. ה ע נ ד.: מען פֿאַרבלאָנדזשעט. אַ טאָרגאָוועץ איז אַלציינס ווי אַ הונט, שמעקט ווו מען קען עפּעס קריגן, איר וועט מיר קאָנעטשנע איזוויניאַיען פֿאַר מײַן ניט סקראָמנער וויראַזשעניע.

מ יי ל ע ך: אַז ער מאַכט זיך פֿאַר אַ הונט, דאַרף אים אימיצער איזוויניאַען.

ש כ יי נ ע (צו כאַנען): עס פּאַסט צו זאָגן, עס קומט שוין אײַך טאַקע מאַזלטאָוו?

כ אַ נ ע: עס וועט מיסטאָמע קומען.

ש כ יי נ ע: איר הערט, פּאַניע בוריק, די גאַנצע לעקעך פּאַסט צו זאָגן וועט איר מיר דאַרפֿן געבן.

פ ר י ו. ה ע נ ד.: אַז עס קומט, גיב איך אַלעמאָל אָפּ. בוריקס געשעפּט איז אַלע-מאָל קוראַנט.

ש כ יי נ ע: דעם גאַנצן שידעך, פּאַסט צו זאָגן, האָב איך דאָך אויפגעפּירט, איר ווילט, זאָג איך, קויפן אַ פּאָר גוטע ניקלנע בעטן, גייט צו פּאַניע בוריקן, עס פּאַסט צו זאָגן, מען זאָגט: מען טאָר יענעם ניט רימען אין די אויגן, נאָר מיין פּלימעניצע, וואָס האָט כאַסענע געהאַט פאַר דעם „זאַוויעדושטשע", דערמאָנט אייך יעדער מאָל, ווען זי לייגט זיך, עס פּאַסט צו זאָגן אין אייערע בעטן.

מ יי ל ע ך: איך האָב קיין צייט ניט. איך דאַרף נאָך אונטערגיין אין ווינקל.

כ אַ נ ע: וואַרט, וואַרט אווילע, מען דאַרף דאָ עפּעס אונטערשרייבן.

מ יי ל ע ך: וואָס דאַרף איך אונטערשרייבן?

כ אַ נ ע: אָט דאָ אַ פּאַפּירל.

פ ר י ו. ה ע נ ד.: איין קליינע זאַפּיסקעלע.

מ יי ל ע ך: קענסט מיר שוין זאָגן, וואָס פאַר אַ „זאַפּיסקעס" דאַרף איך אונטערשרייבן?

כ אַ נ ע: נו, אַף די ניקלנע בעטן.

מ יי ל ע ך (אויפגערעגט): איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך קויף ניט קיין ניקלנע בעטן?

כ אַ נ ע: דו הערסט אויף צו ווייזן דיינע שטיק פאַר פרעמדע מענטשן?

ש כ יי נ ע: כאַוועך מיילעך, אַי אַי, איר זאָלט דאָס זאָגן. מיין מאַן האַלט דאָך פון אייך אַ שרעק.

מ יי ל ע ך: אָבער עס שטייען דאָך בעטן.

ש כ יי נ ע: כאַוועך מיילעך, איר זאָלט דאָס ריידן, עס פּאַסט צו זאָגן אַן אַרבעטער זאָל ניט האָבן אַן „אָבסטאַנאָווקע", טו באַ ווער מען זאָל שוין איצטער שטיין מעבל?

פ ר י ו. ה ע נ ד.: איר קענט זיין „וופּאָלניע אוווערענע", אַז די בעטן האָט איר געקויפט אַ מעציע, אין אַלע צייטן וועט איר-פאַר זיי אָפּנעמען דאָס געלט.

מ יי ל ע ך: איך וויל ניט האַנדלען מיט בעטן.

פ ר י ו. ה ע נ ד.: איר מיינט, אַז דאָס איז באַ מיר אַ בראַקאָוונע סכוירע? ווען אייער פרוי בעט מיך ניט, איך זאָל זיי לאָזן פאַר אייך, וואָלט איך זיי נאָך אינדערפרי פאַרקויפט.

מ יי ל ע ך: איר קענט זיי פאַרקויפן.

כ אַ נ ע: מעשוגענער, הערסט אויף דיינע שטיק. (צום הענדלער) עס איז מיט אים אַלעמאָל אַזוי, נישקאָשע, גיט אים דעם צעטל, ער וועט אונטערשרייבן.

פ ר י ו. ה ע נ ד. (לייגט אַוועק אַפן טיש אַן אָנגעשריבן צעטל): איר האָט דאָ גאָר קיין אַרבעט ניט, מער ניט געבן דעם „פּאָדפּיס".

ש כ יי נ ע: וואָס אַרט אייך, פּאַסט צו זאָגן, כאַוועך מיילעך, אַז איר וועט אונטער-שרייבן?

מ יי ל ע ך: איך?

כ אַ נ ע: דו הערסט אויף? גוואַלד, פאַר פרעמדע מענטשן (שטופּט אים די פעדער אין האַנט) שרייב אונטער און זאָל ניט זיין קיין לייטישע ביזיוינעס.

פ ר י ו. ה ע נ ד.: און טאָמער וועט איר „אָפּאָזדאַיען" מיט אַ טאָג צום סוף, ניש-קאָשע, וועלן מיר ניט גיין.

מ יי ל ע ך: אָבער.

כ אַ נ ע: מעשוגענער, לאָז מען פון דיר ניט לאַכן. שרייב אונטער (מיילעך שרייבט אונטער).

פ ר י ו. ה ע נ ד.: איצט קען מען אייך „פּאָזדראַווען".

ש כ יי נ ע: איר זאָלט האַלעוואַי דערלעבן, פּאַסט צו זאָגן, אַריינשטעלן אַ גאַנצן פלו-שענעם גאַרניטער מעבל (ביידע אָפּ).

כ אַ נ ע (צופֿרידן): טײַערינקער, דו וואָלסט נאָר אַ קוק טאָן אַף די בעטן, קוקלעס, זאָג איך דיר, נים קײַן בעטן, מיר האָט נאָר געציטערט דאָס האַרץ אַ גאַנצן טאָג, ער זאָל זיי ניט פֿאַרקויפֿן.

מ יי ל ע ך: אָבער מירן זען, וואָס וועסטו זאָגן, אַז פֿון די סכירעס אַף צו לעבן וועט דיר בלײַבן אַ טרוקענער עק פֿון אַ הערינג.

כ אַ נ ע: אַי, אַי, טאָמער איז געבליבן הונדערט מיט צוואַנציק רובל אויסצאָלן.

מ יי ל ע ך: וואָס עפּעס געבליבן הונדערט מיט צוואַנציק.

כ אַ נ ע: וויפֿל מיינסטו קאָסטן די בעטן?

מ יי ל ע ך: נו, וויפֿל?

כ אַ נ ע: צוויי הונדערט מיט צען רובל, און נײַנציק האָב איך אים געגעבן האַנט-געלט.

מ יי ל ע ך (שטאַמלט): ווו האָסטו דאָס גענומען אַזויפֿיל געלט?

כ אַ נ ע (גיט אים אַ קלאַפּ איבערן שטערן): ביסט דאָך גאָר אַ יעקעלע נאַר. ווייסט אַליין ניט פֿון דײַן אייגנס. באַ דיר אין קעשענע איז דאָך אַליין געלעגן נײַנציק רובל.

מ יי ל ע ך: באַ מיר אין קעשענע? אין מאַנטל-קעשענע?

כ אַ נ ע: נו יאָ, וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן?

מ יי ל ע ך: האָסטו פֿון דאָרטן גענומען דאָס געלט?

כ אַ נ ע: נו יאָ, איז וואָס איז?

מ יי ל ע ך (שרײַט): דאָס איז דאָך די געלט פֿון דער הילפֿקאַסע! געזועלשאַפֿטלעכע געלט! מען וועט דאָך מיך צו פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט צוציען!

כ אַ נ ע: זע, זע, ווי ער האָט זיך צערעוועט ווי אַן אָקס. באַ די אין קעשענע אין דאָך געלעגן די געלט.

מ יי ל ע ך: גוואַלד! גוואַלד! אָן אַ מעלדונג, אָן אַ זיצונג, נײַנציק רובל! די מאַסע וועט דאָך מיך צוציען צו פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט. צוליב דײַנע ניקלנע בעטן בין איך דאָך געוואָרן אַ „ראַסטראַטשיק“! (אַנטלויפֿט).

## פֿ ע ר ט ע ב י ל ד.

אַ זיצונג פֿון פֿאַבקאָם אין רויטן ווינקל.

מיילעך, פֿאָרזיצער פֿון פֿאַבקאָם, מיטגלידער און אַרבעטער.

פֿ אָ ר ז י צ ע ר פֿ ו ן פֿ אַ ב ק אָ ם: אַלוא, כאַווײרים, מיר עפֿענען די זיצונג, דער טאָג-אָרדענונג איז פֿאָלגנדיקער: אַ באַריכט פֿון דער הילפֿקאַסע, לויפֿנדיקע פֿראַגן, האָט אימיצער, וואָס צוצוגעבן?

אַ ר ב ע ט ע ר ן: כאַווער פֿאָרזיצער, איך האָב אַ מעלדונג. אַזוי ווי מען האָט מיך גענומען און איבערגעזעצט אַף אַן אַנדער אָפּעראַציע, וואָלט איך וועלן פֿרעגן, צי האָט די אַדמיניסטראַציע געהאַט אַ רעכט...

1-ט ע ר אַ ר ב ע ט ע ר: און איך האָב אַ פֿראַגע! האַלעמאַי האָט מען מיר פֿאַרן „אָטפּוסק“ ניט אויסגעצאָלט?

2-ט ע ר אַ ר ב ע ט ע ר: און איך בעט אַ וואָרט, כאַווער פֿאָרזיצער, אַזוי ווי איך האָב דערלאַנגט אַ מעלדונג אין „אָכראַנע טרודאַ“ מען זאָל מיך אַראָפּנעמען פֿון מײַן אָפּעראַציע, ווײַל איך האָב אַ צעטל פֿון לאַבאָראַטאָריע...

פֿ אָ ר ז י צ ע ר: כאַווײרים, איך רוף צו אָרדענונג. איך גיב קיינעם ניט קײַן וואָרט. איצטער האָבן מיר אַ באַריכט פֿון דער הילפֿקאַסע. כאַווער מיילעך, דײַן וואָרט.

1-טער אַרבעטער: אַי וועט מען דערלאַנגען אין האָרב.

2-טער אַרבעטער: אַז עס איז ניטאָ פֿאַרוואָס, קריגט מען ניט אין האָרב.

אַרבעטער: וואָס הייסט ניטאָ פֿאַרוואָס, אַז מען איז אַן אַקטיווער, כאַפּט מעז אין האָרב.

פֿאָרזיצער: כאַווייריִם, טומלט ניט.

מײלעך: הם. הם. איז הייסט, כאַווייריִם, איך טרעט צו צו מײַן באַריכט, אַז... כאַווייריִם, מײַן באַריכט וועט זײַן אַ קורצער, ס׳הייסט איך האָב, כאַווייריִם, ניט באַוויזן צו־מאַכן אַ גרויסן באַריכט, נאָר אַזוי, כאַווייריִם, די הילפֿקאַסע האָט אָנגעהויבן איר טעטיקײַט אַדאַנק די אָנשטרענגונגען פֿון דער מאַסע.

אַרבעטער: וואָס זאָגט איר אַף מײלעכן?

פֿאָרזיצער: כאַווייריִם, איך רוף צו אָרדענונג.

מײלעך: יאָ, כאַווייריִם, אַדאַנק די אָנשטרענגונגען פֿון דער מאַסע מיט די גע־העריקע אָרגאַנען, האָבן מיר באַוויזן צו אָרגאַניזירן אַרום דער הילפֿקאַסע די גאַנצע מאַסע פֿון פֿאַבריק, וועלכע האָט באַוויזן אויספֿילן די אויפֿגאַבע, וועלכע זײַנען אַף איר, כאַוויי־ריִם, אַרופֿגעלייגט געוואָרן, און אַדאַנק דעם, כאַווייריִם, איז די הילפֿקאַסע אַרויסגעגאַנגען פֿון די ראַמקעס און זי האָט געקאָנט אַרויסגעבן פֿאַר די פֿינף כאַדאָשים פֿון איר עקזיס־טענץ פֿון ניט אומקערונג־פֿאָנד 300 רובל און פֿון אומקערונג־פֿאָנד 320 רובל.

אַרבעטער: אָהאָ!

צווייטער: ווען איך האָב דאָס די פּאָר גראָשן.

ערשטער: וואָס אַשטייגער וואָלסטו מיט דעם געטאָן?

צווייטער: איך וואָלט...

פֿאָרזיצער: כאַווייריִם, איך רוף צו אָרדענונג.

מײלעך: אַ כוצדעם האָט די הילפֿקאַסע רעאַגירט אַף אַ ריי דערשײַנונגען.

אַרבעטער: כאַווער פֿאָרזיצער, איך בעט אַ פֿראַגע.

פֿאָרזיצער: וואָס פֿאַר אַ פֿראַגע?

אַרבעטער: צום טאָג־אָרדענונג.

פֿאָרזיצער: פֿרעג.

אַרבעטער: כאַווייריִם. אַזוי ווי דער כאַווער מײלעך האָט אונדז אין זײַן באַ־ריכט וועגן דער הילפֿקאַסע אונטערגעשטראָכן די עקאָנאָמישע נויטווענדיקײַט...

פֿאָרזיצער: כאַווער, זעצט זיך. דאָס איז ניט צום טאָג־אָרדענונג.

אַרבעטער: כאַווער פֿאָרזיצער, עס איז צום טאָג־אָרדענונג, איך וויל ריידן וועגן דער באַדײַטונג פֿון די הילפֿקאַסעס פֿאַר אונדז אַרבעטער.

פֿאָרזיצער: קאָנט איר זיך פֿאַרשרײַבן צום וואָרט.

אַרבעטער: טו פֿאַרשרייבט. און אַזוי, כאַווייריִם, ווי אַדאַנק דער עקאָנאָמישע נויטווענדיקײַט זײַנען מיר געצווּנגען...

פֿאָרזיצער: כאַווער, איך נעם בא אײַך צו דעם וואָרט, איר האָט קײַן וואָרט ניט.

אַרבעטער: כאַווייריִם, איך פּראָטעסטיר. אַזוי איז ניט דערלאָזבאַר צו באַהאַנדלען אַ פֿראַגע.

דווירע: כאַווער, אָבער אַזוי איז אויך ניט דערלאָזבאַר. כאַווער מײלעך דאַרף פֿריער פֿאַרענדיקן מיט זײַן באַריכט, דערנאָך וועט מען געבן ווערטער אַף אַרויסזאָגן זיך.

שטימען: מען דאַרף פֿאַרענדיקן דעם באַריכט.

מײלעך: וואַיוימער איז געבולן, האַק ווײַטער.

פֿאָרזיצער: כאַווייריִם, איך בעט זיך ניט אויסדריקן אַזוי.

מײלעך: אַזוי אַרום, כאַווייריִם, וויל איך זיך איצטער אָפּשטעלן אַף אונדזערע אויסגאַבעס. אַראַנק דעם, וואָס מיר האָבן געוואָלט האָבן אַן ענגערן קאָנטאַקט מיט די

מאַסן, האָבן מיר געמוזט פֿאַרגרעסערן אונדזערע אויסגאַבעס, און אַף דער זיצונג פֿון אונ-דזער ביוראָ זײַנען מיר געווען געניט קאָאָפּטירן אַ טעכנישן געצאָלטן סעקרעטאַר, וועל-כער שרײַבט אַרײַן אין בוך אַלע אָפּעראַציעס. ווײַטער, כאַוויירים, האָבן מיר זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל אויסצוזוכן אַלע דעפֿעקטן, און מיט דעם, כאַוויירים, האָב איך געענדיקט.

פֿאָרזיצער: כאַוויירים, ווער האָט אַ פֿראַגע?

אַרבעטער: כאַווער פֿאָרזיצער. איך האָב אַ פֿראַגע: האַלעמאַי האָט מען מיר פֿאַרן „אָטפּוסק" ניט אויסגעצאָלט?

פֿאָרזיצער: וואָס פֿאַר אַ „אָטפּוסק"?

אַרבעטער: איך בין געלעגן קראַנק, האָב איך באַקומען געלט פֿון „סטראַכקאַסע"... און אַדאַנק דעם...

פֿאָרזיצער: כאַווער, איר קענט וועגן דעם דערלאַנגען אַ מעלדונג אין פֿאַבקאָם. פֿאַראַן נאָך פֿראַגעס?

אַרבעטער: וויפֿל געלט איז דאָ אין קאַסע?

צווייטער: ווו ליגט דאָס געלט?

אַ דריטער: יאָ, איך האָב טאַקע געוואָלט פֿרעגן, בײַ וועמען ליגט דאָס געלט.

פֿאָרזיצער: פֿאַראַן נאָך? אַלזאָ גיבן מיר ווערטער, אַ וואָרט האָט דער כ...

1-טער אַרבעטער: כאַווער פֿאָרזיצער, איך פּראָטעסטיר, איך האָב זיך צו-ערשט פֿאַרשריבן.

פֿאָרזיצער: כאַווער, איך בעט ניט שטערן.

1-טער אַרבעטער: כאַוויירים, איך פֿאָדער מען זאָל אָפּשטימען.

מיטג. פֿון פֿאַבקאָם: איך האַלט, כאַוויירים, אַז די פֿראַגע איז ניט פֿון אַזאַ אַלגעמיינעם מאסשטאַב, מען זאָל זי דאַרפֿן אָפּשטימען.

שטימען: פּראַווילנע!

— ריכטיק.

פֿאָרזיצער: אַלזאָ, כאַוויירים, האָט אַ וואָרט דער כ...

1-טער אַרבעטער: כאַוויירים! מיר האָבן דאָ אויסגעהערט אַ באַריכט וועגן דער הילפֿקאַסע. איז וואָס זעען מיר, כאַוויירים, בײַ אונדז אַפֿן פֿאַבריק? אין דער צײַט, וואָס מיר האָבן אַ דירעקטיוו פֿון די העכערע אָרגאַנען, אַז מען זאָל פֿירן אַ קאַמף מיטן ביוראָקראַטיזם, מיט די בײַ-הויצאָעס, איז...

פֿאָרזיצער: כאַווער, מיר בעטן אײַך האַלטן זיך בײַ דער פֿראַגע.

דווירע: כאַווער, איר רעדט דאָך ניט וועגן דער הילפֿקאַסע?

מיטג. פֿון פֿאַבקאָם: מען דאַרף אײַנשטעלן אַ רעגלאַמען...

2-טער אַרויסטרעטער: כאַוויירים, איך פּראָטעסטיר...

אַרבעטער: כאַוויירים, לאָז מען געבן אַן אַרבעטער זיך אַרויסזאָגן.

1-טער אַרבעטער: איז אָט, כאַוויירים, אַדאַנק דער עקאָנאָמישע נויט-ווענדיקײַט זײַנען מיר געווען געצוווּנגען צו באַהאַנדלען די פֿראַגע...

דווירע: כאַוויירים, איך לייג פֿאָר, מע זאָל ריידן וועגן דעם באַריכט פֿון דער הילפֿקאַסע.

1-טער מיטגליד פֿון פֿאַבקאָם: איך בין פֿאַר דעם.

2-טער " " " מען דאַרף אײַנשטעלן אַ רעגלאַמען...

3-טער " " " מיר האָבן זאָך לויפֿנדיקע פֿראַגעס...

אַרבעטער: כאַוויירים, איך לייג פֿאָר שטימען...

(אַ טומל).

שטימען: מען דאַרף געבן זיך אַרויסזאָגן.

— לאָז ער פֿאַרענדיקן.

— געגוג צו האַקן אַ טשאַיניק (אופֿטריט באַראַבאַן).

ב אַ ר אַ ב אַ ן: כאַווײרים, איך וויל פֿרעגן באַם פֿאַבקאָם. צי איז דערלאָזבאַר אַזאַ דערשײַנונג, וואָס ס'טוט זיך אָפּ אין אונדזערע העכערע אָרגאַנען.

פֿ אָ ר ז י צ ע ר: אין וועלכע העכערע אָרגאַנען?

ב אַ ר אָ ב אַ ן: אין אונדזער הילפֿקאַסע, אַז אַ „ניעסטשאַסטנער” אַרבעטער קומט לײַען אַ פּאָר רובל, לײַט מען ניט.

אַ ר ב ע ט ע ר: עך, עך, מען זייפֿט, ברידערלעך, אַ מויעך.

ד וו י ר ע: כאַווײרים, איך פּראָטעסטיר. אונדזער הילפֿקאַסע גיט אַרויס געלט אַלע אַרבעטער פֿון פֿאַבריק.

ב אַ ר אַ ב אַ ן: כאַווערטע, איר זײַט, דאַכט זיך, אַליין געווען אַף ז'ער זיצונג, ווו מען האָט באַטראַכט מײַן מעלדונג.

ד וו י ר ע: האָט מען באַשטימט אַף ניט אַרויסגעבן, ווײַל איר האָט אָנגעגעבן אַ מעלדונג אַף זעכציק רובל און...

ב אַ ר אַ ב אַ ן: פֿאַר פּראָסטע אַרבעטער און פֿאַראַנטוואָרטלעכע טוער גיט מען אַרויס אַף ניקלנע בעטן הונדערטער.

פֿ אָ ר ז י צ ע ר: וועלכע פֿאַראַנטוואָרטלעכע טוער?

ב אַ ר אַ ב אַ ן: מיילעכן, דעם פֿאָרזיצער, האָט מען אַרויסגעגעבן נײַנציק רובל פֿון הילפֿקאַסע אַף ניקלנע בעטן.

פֿ אָ ר ז י צ ע ר: כאַווער באַראבאַן, אירט זײַן פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר די רייד.

מ י ט ג. פֿ ו ן פֿ אַ ב.: כאַווער, מען דאַרף זיך האַלטן אין די ראַמען...

ד וו י ר ע: כאַווײרים, מיר האָבן קיינעם ניט באַשטימט אַרויסגעבן נײַנציק רובל, מיר האָבן פּראָטאָקאָלן, מען קען זען די פּראָטאָקאָלן (אַ טומל צווישן די אַרבעטער).

1-טער אַ ר ב ע ט ע ר: פּראָטאָקאָלן! מען נעמט אָן פּראָטאָקאָלן.

2-טער אַ ר ב ע ט ע ר: מען זייפֿט, ברידערלעך, אַ מויעך.

3-טער אַ ר ב ע ט ע ר: מען פֿרעגט דען, ווען מען קלײַבט?

4-טער אַ ר ב ע ט ע ר: עך, עך, עך.

פֿ אָ ר ז י צ ע ר: כאַווײרים, טומלט ניט, דער כאַווער מיילעך וועט געבן דערקלערונגען.

מ יי ל ע ך: איך, כאַווײרים... ניט עמעס. איך בין פּרינציפּיעל קעגן. איך האָב ניט גענומען, איך האָב ניט געליען קײַן געלט אין הילפֿקאַסע...

ב אַ ר אַ ב אָ ן: כאַווײרים, איך קען באַשטעטיקן, זײַן ווײַב אַליין האָט זיך באַרימט, אַז זיי האָבן געקויפֿט ניקלנע בעטן, און אַז זיי האָבן געגעבן האַנטגעלט נײַנציק רובל פֿון דער הילפֿקאַסע.

מ יי ל ע ך: נײַנציק רובל, די נײַנציק רובל פֿון דער הילפֿקאַסע. דאָס געלט, קען איך באַשטעטיקן. כאַווײרים! איך האָב געדינט אין דער רויטער אַרמיי, געווען אַף די פּאָזיציעס און די גאַנצע צײַט אַרבעט איך אַף דער פֿאַבריק, און אַז איך בין געווען אין פֿאַבקאָם „קאַזנאַטשיי”, דאָס קען די גאַנצע מאַסע באַשטעטיקן, ווײַל די מאַסע האָט מיך געקליבן, איז באַ מיר אין האַנט געלעגן הונדערטער, זאָל מיר איצטער איין אַרבעטער זאָגן, צי האָט געפֿעלט, צי האָב איך פֿאַרטשעפּעט אַ קאָפּיקע „אָבשטשעסטווענע” געלט?

אַ ר ב ע ט ע ר: ריכטיק.

פֿ אָ ר ז י צ ע ר: כאַווײרים, איך קען דאָס אויך באַשטעטיקן, מיילעך האָט מיט מיר אַליין געדינט אין דער אַרמיי און אַפֿן פֿאַבריק קענען אויך אַלע דעם כ' מיילעך פֿאַר אַן אויסגעהאַלטענעם, באַוווסטזיניקן פּראָלעטאַריער.

ד וו י ר ע: כאַווײרים, איך בין מיט מיילעכן די גאַנצע צײַט אין ביוראָ און איך האָב פֿון אים קיינמאָל ניט געזען, ער זאָל האָבן ניט קײַן פּראָלעטאַרישן צוגאַנג.

4-טער אַרבעטער: טשעוועקעס געקלאַפּט.

5-טער אַרבעטער: אָט, באַראַבאַן, קען די אַרבעט, אַבי מאַכן אַ טומל.

אַרבעטער: פֿאַרוואָס האָט מען אָבער נאָך איצט די האַלוואָעס ניט אויסגעצאָלט.

מײלעך: וועלכע האַלוואָעס?

אַרבעטער: איך האָב דערלאַנגט אַ מעלדונג מען זאָל מיר אַרויסגעבן 15 ר.

מײלעך: פּוּפּצן רובל? כאַווער, אין וועלכער אָפּטײלונג אַרבעט איר?

אַרבעטער: שאָלעם-אַלייכעם, ער קען מיך שוין ניט. אין דער צווייטער אָפּטײ-לונג. האָב איך דערלאַנגט אַ מעלדונג, אונטערגעשריבן כאַטשע קרוק.

דווירע: כאַטשע קרוק? מיר האָבן דאָך אַליין באַטראַכט אײַער מעלדונג און באַשטעטיקט?

מײלעך: אַוואַדע באַשטעטיקט צום אַרויסגעבן.

אַרבעטער: איז פֿאַרוואָס גיט מען ניט דאָס געלט?

מײלעך (צוטומלט): די האַלוואָעס? אַלע זײַנען באַשטעטיקט. די געלט איז בײַ מיר אין קעשענע געבליבן. אויב מען וויל, וועט זיי מאָרגן דווירע אין אײַער אָפּטײלונג אויסצאָלן אַלעמען, ווען די ביוראָ האָט באַשטעטיקט, און אַז מען וויל, לויף איך טאַקע גלײַך אהיים און ברענג געלט. די מינוט לויף איך אהיים, און זאָל דער פֿאַבקאָם אַליין זען, זאָלן אַלע כאַווײרים זען (אַנטלויפֿט).

## פֿינפֿטע בילד.

בײַ מײלעכן אין צימער, וועלכער טײלט זיך אָפּ פֿון שכײנעסדיקן דורך אַ דין ווענטל. צוויי בעטן ניקלנע פֿאַרנעמען אין דער קווער דרײַ פֿערטל צימער.

שכײנע: אַפֿילע אַף אַ האָר וועל איך אויך ניט לאָזן איבערוקן. געהערט אַ מאַיסע, אַז זי האָט ניט ווו צו שטעלן די בעטן, זײַנען מיר שולדיק?

כאַנע: ווער מאַכט אײַך שולדיק?

שכײנע: טו פֿאַרוואָס ווילט איר דאַווקע, מען זאָל די ווענטל איבערוקן צו אונ-דזער זײַט?

כאַנע (שלעפּט דער שכײנע פֿאַרן האַנט): איר קענט אַליין זען, לײַע, נאַט, זעט. עס פֿעלט אַ האָרעלע, אַ פּיצעלע, וועט מען קענען די בעטן אַרײַנשטעלן.

שכײנע: מיך אַרט ניט, אַז איר וועט ניט קענען די בעטן אַרײַנשטעלן.

כאַנע: וואָס דאַרף איך זיך מיט אײַך גאָר אָנריידן, מײַן מײלעך וועט קומען, וועלן מיר זען.

שכײנע (קרימט איר נאָך): מײלעך וועט קומען, אַ שפּאַס צו מאַכן, אימיצער וואָלט עס הערן, וואָלט ער מײנען, אַז ער איז דער ווייסט ווער?

כאַנע: דערווײַל, אַז מען קומט אַף אַ פֿאַרזאַמלונג, איז ווען רופֿט מען אין פּרעזידיום? איך וואָלט וועלן וויסן, ווען רופֿט מען אין פּרעזידיום אַרײַן?

שכײנע: פּשש. טאַקע אַ גרויסער קאָוועד, מײַן וועלוול זאָגט, אַז ער וויל דאָס גאָרניט.

כאַנע: אַוואַדע וויל ער ניט...

שכײנע: און אַז ער וויל, איז וואָס ווילט איר? די ווענטל איבערוקן וועל איך סאַיווי ניט לאָזן.

כאַנע: און איך זאָג, אַז מיר וועלן זען.

שכײנע: איר'ט מעגן לויפֿן אין „פּראַוולעניע", אין „סאָיוז", צו טשערוויאַקאָוון, איך וועל ניט לאָזן אָפּנעמען בײַ אונדז „פּלאָשטשאַד".

(אופּטריט. שאָכן מיט זײַן ווײַב).

שאָכן: גאָספּאָדאַ. דאָס איז דאָך אַ בעזאָבראַזיע, אַוועקגעשטעלט לעבן אונדזער טיר די מאַטראַצן. אַן אינטעליגענטנער מענטש וואָלט עס קיינמאָל ניט געטאָן, דאָס איז דאָך אַ בעזאָבראַזיע.

שכיינע: יעפּים, דו הער אויף מיט דיינע „וויראַזשעניעס“. דו ווילסט זיך אַוועק-האַרגענען, פאַרגעסט, ווו דו ביסט. (צו כאַנען) איר פאַרשטייט? מיין מאַן איז אַביסל אַ ווספּילטשיוועט, נאָר ווי שטעלט מען דאָס אַוועק אַ מאַטראַץ לעבן אונדזער טיר? מען קען דאָך אַמאָל גיין און פאַרטשעפּען זיך?

כאַנע: איז ווו האָב איך דאָס געקענט אַוועקשטעלן?

צווייטע שכיינע (לויפט אַריין מיט האַסט): איך וואָלט וועלן וויסן, ווער מאַכט דאָס אַן אַזאַ טומל? אַ גאַנצן פאַרנאַכט, אַז איך וויג דעם יינגל און קען אים ניט פאַרוויגן.

(אויפטריט מיילעך).

מיילעך: כאַנע, שוין זאָלסטו מיר זאָגן, ווו וואָינט דער ספּעקוליאַנט?

שכיינע: (צו איר מאַן): קום, נאָמיר אַוועקגיין פונדאַנען, (גאַנוועענען זיך אַרויס פון שטוב).

כאַנע: וואָס פאַראַ ספּעקוליאַנט?

מיילעך: איך פרעג דיך, ווו וואָינט אָט דער, וועמען איך האָב דעם צעטל אונ-טערגעשריבן?

צווייטע שכיינע: וואָס שרייט איר, וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אַף מיין קינד (אַ קלאַפּ מיטן טיר, אָפּ).

כאַנע: האַרצעלעך, וואָס פאַר אַ מישונג איז אים אין קאָפּ אַריינגעפאַלן?

מיילעך: כאַנע, געגוג שטיק, הערסט? דעם אַדרעם פון אָט דעם, פון די בעטן, אַהער, פון די ניינציק רובל.

כאַנע: אַף וואָס דאַרפסטו אין מיטן נאַכט דעם קרעמער?

מיילעך: שוין דאַרף איך וויסן, ווו ער איז. אַז דער רוען וועט אים כאַפּן, וועט ער דאָס געלט אומקערן!

כאַנע: האַרצעלעך מיינע, צי דו ביזט קלאָר, צי מעשוגע? ער האָט דאָך שוין גע-בראַכט די בעטן.

מיילעך: וועלכע בעטן?

כאַנע: נו, די בעטן.

מיילעך: וואָס פאַר אַ בעטן?

כאַנע: גוואַלד, וואָס טוט מען מיטן מעשוגענעם. ער האָט שוין גאָר פאַרגעסן, אַז מיר האָבן געקויפט בעטן.

מיילעך: וואָס געקויפט? וואָס פאַר אַ בעטן האָבן מיר געקויפט?

כאַנע: ניקלנע, וואָס דו האָסט זיך אונטערגעשריבן?

מיילעך: (כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ): אַי, אַי, אַי, ער האָט שוין געבראַכס. געבראַכט די בעטן. שוין וועט פון זיי בא מיר אין שטוב זייער געדעכעניש ניט זיין!

כאַנע (כאַפּט אים פאַרן האַנט): מעשוגענער, וואָס ווילסטו טאָן?

מיילעך: אַ פאַרפאַלענער, סאַי ווי אַ פאַרפאַלענער. פאַרטאָן געלט פון הילפקאַ-סע, ניינציק רובל פאַרטאָן. די מאַסע וועט מיך צוציען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אַלציינס אַ פאַרפאַלענער. ווו איז די האַק?

כאַנע: מעשוגענער, וואָס טוסטו...

מיילעך: די האַק, אַ האַק, זאָל בא מיר ניט זיין קיין ניקלנע בעטן. אַ רוען וועט זיי כאַפּן, בא דער מאַסע דעם אַווטאָריטעט פאַרלאָרן.

כאַנע: גוואַלד, שכיינים, מיילעך, זע ביסט פון זינען אַראָפּ, הער אויף.

מיילעך: אַף שטיקלעך וועל איך זיי צוברעכן!

(אויפטריט דער מאַלער).

מאַלער: כאַווער מיילעך, וואָס פאַר אַ פּאָגראָם ווילסטו דאָס מאַכן?

מייעך (רײַסט זיך): לאָזט, כאַווער, איך וויל מאַכן אַ סאָף מיט דער „אָבסטאַ-נאָווקע“!

(אויפטריט פאָרזיצער פון פאַבקאָם, דווירע און נאָך מיטגלידער).

פאָרזיצער: גאָר פלוצלונג, אָן אַ שלוסוואָרט פון זיצונג אַנטלאָפן.

דווירע: מיר זעען, כ׳ מיילעך, לויפט, זאָגן מיר, מע דאַרף גיין זען, וואָס עס טוט זיך מיט אים.

שאָכן: כ׳ מיילעך האָט דערקלערט אַ קאַמף אַף לעבן און טויט אַלע ניקלנע בעטן.

מיילעך (האַלב-וויינענדיק): כאַווײרים, אָט איז די נײַנציק רובל פון דער הילפ-קאַסע. איך בין ניט פאַראַנטוואָרטלעך. געווען אַ „קאַזנאַטשיי“ אין פאַבקאָם. אַ קאָפּיקע האָט באַ מיר ניט געפעלט. דאָס האָט זי גענומען דאָס געלט. איך האָב פאַר דעם ניט געשטימט.

כאַנע: לאָז איך קרענקען, אויב איך האָב ווען פאַרטשעפּעט אַ פרעמדן גראָשן, וואָס איז, איך לייקן, אַז איך האָב ניט גענומען? מיילעך וועט אויסצאָלן.

פאָרזיצער: וואָס הייסט גענומען? ווי נעמט מען דאָס געלט אָן אַ באַשטימונג פון הילפקאַסע?

מיילעך: באַ מיר אין קעשענע, אין מאַנטל-קעשענע האָט זי געפונען דאָס געלט, וואָס איך האָב געבראַכט פון באַנק אַף אויסצאָלן.

דווירע: אַי, אַי, איר זאָלט עס טאָן. איך זע דאָך אײַך שטענדיק אין קלוב, איר זײַט אַן אַקטיווע כאַווערטע.

מיטגליד פון פאַבקאָם: איר האָט דעם גאַנצן אַוטאָריטעט פון די אָנ-פירנדיקע העכערע אָרגאַנען געפּאַטערט.

כאַנע: אָבער אַלע קויפן דאָך ניקלנע בעטן.

שאָכן: עפּעס גוטע בעטן? (נעמט זיי באַטאַפּן).

מיטגליד פון פאַבקאָם: זיי מוזן קאָסטן די עמעסע מאַטבייע.

מיילעך: צוויי הונדערט מיט צען רובל האָט מען אַף זיי באַגראָבן.

שאָכן: אין אַ פּאָר אַלטע בעטן אַרײַנקנאַקן אַזויפיל געלט.

כאַנע: שוין גאָר אַלטע בעטן.

שאָכן: וועמען דערציילט איר אַ מאַיסע? געפאַרבטע בעטן. איך בין דאָך עפּעס אַ שטיקל מאַלער. (צום פאָרזיצער).

כאַנע: איך האָב דאָך געקויפט נײַע בעטן. נײַע ניקלנע בעטן האָב איך געקויפט.

(אויפטריט פריוואַטער הענדלער).

פריוואַטער הענדלער. אַ איזוויניטע, איך האָב זיך אָשיבאַיעט.

מיילעך: ניין, איר׳ט זיך ניט „אָשיבאַיעט“. מען דאַרף אײַך טאַקע דאָ האָבן.

פריוואַטער הענדלער: מען האָט מיר געזאָגט, אַז אַ טאָוואַרישטש דאַרף דאָ אַ בופעט קויפן.

כאַנע (קוועטשט זיך דורך מיט קאַעס): מאַשעניק! מולירער! האַ? וואָס פאַר אַ בעטן האָט איר מיר דאָס פאַרקויפט?

פריוואַטער הענדלער: וואָס הייסט? ניקלנע בעטן.

שאָכן: איר ווייסט, כאַווער, וואָס עס קומט פאַר אָפּנאַרן דעם פּראָלעטאַריאַט?

פריוואַטער הענדלער. טאָוואַרישצעם, איזוויניטע, וואָבשטשע זײַנען מיר דאָך יידן. די בעטן זײַנען גוטע, אַמאָליקע וואַרשעווער בעטן. דאָס האָט דאָך מיר אײַער שכיינע געבעטן פאַרקויפן אירע בעטן...

ש אָ כ ן: איז דאָס גאָר אירע בעטן? כאַ-כאַ-כאַ (עס קומט אַריַין די שכיינע).

ש כ יי נ ע (באַמערקט ניט דעם פּריוואַטן הענדלער): זעט, מען האָט אייַך שוין געבראַכט די בעטן? עס פּאַסט צו זאָגן, גאָר אַנאַנדער צימער געוואָרן. (זעט ניט די זייַטיקע) נאָך וואָס בין איך צו אייַך געקומען? עס פּאַסט צו זאָגן נאָך אייַער קאָאָפּעראַטיוון ביכל, אַז איר וועט דאַרפן, וועט איר אים שפּעטער קענען נעמען צוריק.

כ אַ נ ע: מאַקעס וועל איך אייַך געבן ניט קיין קאָאָפּעראַטיוון ביכל. וואָס זאָגט איר צו איר האָזע. זאָגט מיר, ווער מעס בעטן זייַנען דאָס? (צום שאָכן), אַז איך האָב אָבער די גאַנצע צייַט געטאַינעט, אז איך האָב ערגעץ די בעטן געזעען.

ש כ יי נ ע: פונוואַנען זאָל איך וויסן, עס פּאַסט צו זאָגן, איר׳ט זיי דאָך געקויפט. (דערזעט דעם פּריוואַטן הענדלער). שאַ, עס פּאַסט צו זאָגן, גוט וואָס איך האָב קיין שלעכטס ניט גערעט, אָט איז דאָך פּאַניע בורזיק אַליין. (נעמט זיך אַרויסרוקן).

כ אַ נ ע: (לויפט איר נאָך). וואָס מיינט איר, עס וועט אייַך אַזוי אַראָפּ?...

פ ר י וו אַ ט ע ר ה ע נ ד ל ע ר: המ. איר וועט מיר קאָניעטשנע איזוויניאיען... (נעמט זיך אויך אַרויסרוקן).

מ יי ל ע ך: ווּהין פּעקלט איר זיך? דאָס געלט אַהער. די נייַנציק רובל פון הילפקאַסע!!!

מ אַ ל ע ר כאַ-כאַ-כאַ (צום פאָרזיצער): וואָס זאָגט איר, כאַוועך? אַ פייַנע קאָמעדיע, מע קען דאָך שטעלן אין טעאַטער! (אַלע ריִנגלען אַרום דעם פּריוואַטן הענדלער און לאַכן).

פ אָ ר ה אַ נ ג.

---

רָאכל בוימוואָל.

# לידער.

## פֿעלד-בּילד

איִן מיִטן אַ פֿעלד און ניִט ווײַט פֿון אַ זאנג
האָט אַ קו,
מיִט קעלבערנע אויגן און שנײַדנדן מו
זיִך פֿאַרקוקט אַף פֿארגאנג
פֿון אַ מעכטיִקער זון,
און מיִט גרויס פֿון פֿארלאַנג,
וואָס עס האָט נאָר אַ קו,
האָט געלאָזן זיִך העט בארג אַראָפּ,
ווו געדאכט האָט איִר רויטע פֿאַרגייענדע ליִכט.
האָט פאסטעך דערזעען איִר וויִלדן גאלאָפּ,
זיִך פֿאַרמאָסטן מיִט רוט
ביִז ברייטן פֿאַרבויג פֿון אַ שטרויענער הוט,
וואָס אַ פאסטעך פֿאַרמאָגט...
און קײַן וואָרט האָט דער פאַסטעך זײַן קו ניִט געזאָגט,
ווען געפֿיִרט זי פֿאַר הערנער איִן סטאַדע צוריִק.
ס'האָט אַ זון זיִך מיִט בלוטיִקע שטראַלן געשטיִקט
און איִן מיִטן פֿון שלונג איִז געבליִבן פֿארגלייזט.
צי געזען האָט קו מיִט איִר פאַסטעך — ווער ווייסט,
אַז ס'האָט זון זיִך דערוואָרגן מיִט היִמל און ערד
און מיִט גאָלדענע זאנגען?
— האָט אַ קו מיִט אַ פאַסטעך פֿאַרכאָלעמטערהייט
איִבער לענג פֿון אַ פֿעלד צו דער סטאַדע געגאַנגען...

---

# וויִנטער

צוויי בוימער פֿאַרשנייטע,
אַ וואָגן אָן רעדער,
אַ שטריִק מיִט פֿאַרפֿראָרענע
קלעצעלעך וועש.
איִן וויִנקל אַ לייטער...
— איִן היִמל אַלץ פֿעדערט
אַף בלאָנקענד געוואָרענע
זוניִקע מעש...

צעבויגענע שטראַלן
פֿון שליִטנס צעטראָטן,
און שליִטנס פֿאַרמאטערטע
אָקערן שניי,
פֿערד גייען און פֿאַלן. .
ס'פֿארפֿעלט זיי דער אָטעם...

און גליִטש איִז געפּאטערט
פֿון אקסן-פֿארדריי:..

ס'צעפּראלט זיִך אַ טויער,
און איַיזיִקע ליִכטלעך
צעקליִנגען זיִך פֿאַלנדיִק
ערגעץ אַראָפּ...
„אַ שליִטן מיִט האָלץ
צו באַהייצן אַ מויער!"
און שנייעדיִק—שטראַלנדיִק
רוקט זיִך אַ קאָפּ...
צוויי בוימער פֿאַרשפּיִנטע,
א וואָגן אָן רעדער...
און היִמל איִן וויִנטער
אַלץ פֿעדערט און פֿעדערט...

---

# אַ פֿוּר נאָך אַ פֿוּר...

(איַינדרוקן פֿון זומער-וואָינונג)

אַ פֿוּר נאָך אַ פֿוּר הויך געפּאקט ביִז אַרוּף,
און אויבן — אַ מיִדער צעוואלגערטער גוּף,
מיִט בייַטש איִן דער האַנט און מיִט „וויאָ" אַף די ליִפּן
און רעגנדלעך פֿייַכטע זיִך זיִפּן און זיִפּן...

איִן האַרץ איִז אַ ווייטיִק פֿון בענקען דערוועקט,
אַ פֿוּר נאָך אַ פֿוּר — און שוין פּוּסט דער פּראָספּעקט.
נאָך מענטשן—צעלויפֿן נאָך זאַכן—צעפֿיִרן, —
געבליִבן בלויז צימערס מיִט אָפֿענע טיִרן...

באַ שוועלן אַ שפּאַן, אַ פֿאַרושאווערטער שלאָס,
צערִיסענע צעטלעך און שמאטעס אָן מאָס,
ניִטאָ ווער זאָל בלעטעלעך געלע פֿאַרקערן
און אויסקוקן נאכט, און דערווארטן אַ שטערן...

ניִטאָ ווער זאָל זאמדן מיִט ליפֿן צעבלאָזן
און קלאַנגען פֿון לאכן און לופֿט-שטראָמען לאָזן...
נאָר איִך דאָ אַליין אָפֿן ווענִיקן שנור,
איִך שטיי און איִך טראַכט זיִך: אַ פֿוּר נאָך אַ פֿוּר...

---

שימען גארעליק.

# בעניע.

I

דעם ערשטן מאָל האָב איך מיט אים צוזאַמען געאַרבעט אין די קאַזאַרמעס, וועלכע די פוילן האָבן פאַרברענט פאַר זייער אָפטרעטן. צענדליקער מויערן זײַנען געשטאַנען אָן דעכער, מיט הוילע ווענט, אין שוואַרצע לעכער. בערג ציגל, בלעך, שטיינער, זאַמד האָבן אָנגעפילט זייערע טרויעריקע בײַכער. שערענגעס רויטע מויערן האָבן געווייִנט מיט אויסגעקלאַפּטע ציגלנע אויגן, פון וועלכע עס האָבן אַראָפּגערונען שטיקלעך צעמענט, ליים און האַלאַוועשקעס. זיי האָבן געקוקט אַף אונדז מיט אויטגעטריקנטע שאַרבנס, ווי אָפּגעשטאָרבענע מענטשן-קערפּערס, וועלכע האָבן דאָ ניט לאַנג געלעבט, געהאַוועט, זיך געצאַפּלט, ביז אַף זיי איז פלוצלונג אָנגעשפּרונגען דער טויט. שטיל איז געווען אין זיי, אומעטיק צווישן די הויקערדיקע ווענט און עפּעס ראַכמאָנעסדיקס און פאַרדראָסיקס האָט אַרויסגעקוקט פון זיי. און ניט איין קלאָלע, אויסגעמישט מיט „מאַמעס“, האָט דער אופגעוועקטער ווינטל אָװעקגעטראָגן צו די, וואָס האָבן די כורוועס נאָך זיך איבערגעלאָזן.

מיר האָבן געאַרבעט אינווייניק אין די מויערן. מיר האָבן זיי אָפּגערייניקט פון דעם מיסט, וואָס האָט זיך דאָרטן געפונען. אינדרויסן, פון יענער זײַט וואַנט, זײַנען געוואָקסן די קופּעס זאַמד, אויסגעמישט מיט שטיינער.

מיט דעם אופשטעלן די מויערן האָבן אָנגעפירט פּריוואַטע פּערזאָנען, פון וועלכע נאָר איינער איז געווען באַהאַוונט אין בוי-אַרבעט. ער איז געווען פאַר דער רעוואָלוציע אַ פּאָדריאַדטשיק פון געבײַדעס. די איבעריקע זײַנען געווען אַמאָליקע קרעמער. פאַר דער רעוואָלוציע און בירגער-קריג האָט זיך זיי אײַנגעגעבן באַהאַלטן אַביסל געלט, און איצטער, ווי עס האָט זיך אָנגעהויבן דער „נעפּ“, האָבן זיי עס אַרויסגעשלעפּט אַף דער פרײַ. אופשטעלן די קאַזאַרמעס האָבן זיי גענומען אין פּאָדריאַד, אַף די „טאָרגעס“, וואָס זײַנען ניט לאַנג פאָרגעקומען.

די אַרבעט אונדזערע האָט זיך גערוקט שוואַך: מיר האָבן זיך געפוילט און געאַרבעט אָן כיישעק. אַסאַך פון אונדז זײַנען דאָ ניט לאַנג געקומען פון דער רויטער אַרמיי, נאָכדעם ווי מ'האָט זיך געשלאָגן אַף צענדליקער פראָנטן, געטראָגן דעם טויט אַף די אויגן און געבראַכט מיט זיך ווונדן און לעכער אין קערפּער אַפן גאַנצן לעבן. און איצט קומט אויס אַרבעטן ווידער בײַ געוועזענע קרעמער און פּאָדריאַטשיקעס, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט צו זייער פריערדיקער פּאַרנאָסע. אַלע ווײַלע פלעגן מיר זיך צוזעצן, פאַרויכערן, דערציילן מאַיסעס און די אופזעער פלעגן מאַכן אַ פריילעכע מינע, מאַסקים זײַן מיט אונדז, אַז מע דאַרף פאַרויכערן און גוט-ברודעריש בעטן, מיר זאָלן פאָרזעצן די אַרבעט.

בעניע האָט געאַרבעט אינײַנעם מיט מיר. ער איז געווען פון מיטעלן וווּקס, אַ פעסטגעבויטער, אַ ברייט-פּלייציקער און אַ קײַלעכדיקער, ווי דער קאַמעל פון אַ גראָבער קלאָץ. ער האָט געטראָגן נאָך גאָר נײַע הויזן גאַליפע מיט רימענע לייעס, אַ געלבלעכע סאָלדאַטסקע העמדל, נײַע כראָמאָווע שטיוול.

„איך האָב זיך ליב פוצן”—האָט געזאָגט זײַן אויסזען, אַפּילע אַף דער אַרבעט.

„מיר לאַכן פֿון דער גאַנצער וועלט”—האָבן אַרויסגעשריִען די הויזן. אין זײַן קער, אין זײַנע באַוועגונגען האָט זיך געפֿילט זיכערקײַט אין זיך און ביטל צו דעם גאַנצן אַרום. יעדער צאַפּל פֿון זײַן קערפּער האָט, ווי געוואָרפֿן: איך טראַכט ניט און איך וואַרט ניט. איך פֿיל אַלץ באַלד אויס.

ס'איז געווען הייס. בעניע האָט טיף אָן עטעם געטאָן. ער האָט אָפּגעלייגט דעם גראָבאײַזן און גענומען באַ מיר די קירקע. די קירקע האָט זיך מיט אַ זיפּץ אַרײַנגעריסן אין מיסט און ווייך און פּוכקע איבערגעקערט אַ בערגל זאַמד. מ'האָט עס שוין געקענט גרינג נעמען מיטן גראָבאײַזן. דער זאַמד אָבער איז געווען געדיכט אויסגעקנאָטן מיט שטיקלעך צעבראָכענע ציגל, די קירקע האָט אָפּט אָנגעטראָפֿן אין זיי און דער גאַנצער קלאַפּ איִרער פֿלעגט פֿאַרלאָרן גיין. בעניע האָט אַ וואָרף געטאָן די קירקע, אויסגעשפּײַט דעם זאַמד, וואָס האָט זיך אים אַרײַנגעכאַפּט אין מויל, אַ וויש געטאָן דעם פֿאַרברודיקטן פּאָנעם און זיך אַוועקגעזעצט. ער האָט בייז אַ קוק געטאָן אַפֿן אופֿזעער און גענומען רויכערן.

מיר האָבן פֿאַרויכערט. איבער דער גאַנצער לענג פֿון דעם כורוועדיקן מויער האָבן נאָך געאַרבעט מענטשן מיט קירקעס, גראָבאײַזנס. זאַמד און בלאָטע, פּעט און שוואַרץ, ווי טינט, האָט מען געשלײַדערט דורך די לעכער. שטיינדלעך פֿלעגן זיך אָפּקלאַפּן אָן וואַנט און פֿליִען צוריק. בעניע האָט זיך געשטעלט און זיך צעשריִען הויך אַפֿן קאָל:

— ע', היִנט דאָרפֿישע, רוט אָפּ אַביסל, לאָזט אַביסל אַרבעט אַף שפּעטער אויך! זעסט ניט, אַז מ'פֿאַרויכערט אַלע?

האָט מען זיך פֿויל געזעצט.

— פֿאַרויכערט, כעוורע!

טראָפּנס שווייס האָבן זיך געקײַקלט פֿון בעניעס פּאָנעם. זײַנע שוואַרצע אויגן האָבן זיך עטוואָס פֿאַרטונקלט:

— מ'האָט געזאָגט, מיר וועלן קומען אַהיים, וועט מען אונדז גלײַך געבן אַרבעט, נאַ דיר, פֿריִער אַרומגעשלעפּט זיך אָן אַרבעט, דערנאָך, אַז מ'האָט שוין געשיקט, איז אָטאָ, האָרעווע אַף זיי ווײַטער...

איבערן קאָפּ, ווי אַ פֿאַרגליִוערטע צעשמאָלצענע אויג, האָט אַף אונדז געקוקט די זון. די פֿינגער זײַנען געווען פֿאַרכאַלעשט פֿון לאַנגן האַלטן דעם גראָבאײַזן און ס'איז געווען שווער זיך אַ הויב טאָן.

— נו, כעוורע, גענענדיקט רויכערן, טאָ גיט אָן אַרבעט אַביסל...

דאָס האָט זיך דער אופֿזעער צו אונדז, בעטנדיק, געווענדעט.

איינער האָט זיך ניט זיכער אַ קער געטאָן צום גראָבאײַזן. בעניע האָט זיך כמורע אָנגעשטעלט אַפֿן אופֿזעער:

— וואָס ברענט באַ דיר, וואָס, וועסט נאָך אַרײַנלייגן די טויזנטער אין קעשענע, האָב קײַן מוירע ניט, קיינער וועט זיי באַ דיר ניט אַרויסכאַפּן... כעוורע רוען אָפּ, זעסט דאָך—האָט ער צוגעגעבן מילדער.

— אין אַזאַ היץ, וועסטו ניט כאַפּן...

דער אופֿזעער האָט זיך אָפּגעקערט.

בעניע האָט אים נאָכגעקוקט, ווי ער האָט גיך אַוועקגעשפּאַנט פֿון מויער:

— גיי אָן אַ קאָפּ, אַ נײַער טרײַבער—ער האָט געלאַסן אויסגעשפּײַט:—אַוועק מאַסערן דעם פּאָדריאַדטשיק...

איך האָב עס גלײַכגילטיק אויסגעהערט. וואָס האָט געקענט טאָן דער פּאָדריאַדטשיק? ער פֿלעגט קומען, פֿלעגן זיך אַלע שטעלן און וואַרפֿן זיך צו דער אַרבעט. ווי ער פֿלעגט אַוועקגיין, פֿלעגט מען זיך ווידער זעצן. די פּאָדריאַדטשיקעס האָבן שוין געפּרוווט שטעלן

זייערע אייגענע זין, זייערע קרייוויִם פֿאַר אופֿזועער, עס האָט אָבער ווייניק געהאָלפֿן. האָבן זיי דאַן אַראָפּגענומען עטלעכע מענטשן פֿון דער אַרבעט, איז געוואָרן אַ טומל און ס׳איז זיי אויסגעקומען נעמען צוריק. האָבן די פּאָדריאַטשיקעס אָנגעהויבן אַליין נאָכקוקן, נאָר זיי האָבן ניט געקענט זײַן מיטאַמאָל אין אַלע מויערן. האָבן זיי אויסגעטיילט צווייען, וועלכע זאָלן זײַן אַ גאַנצן טאָג אַף דער אַרבעט. פֿון זיי האָט זיך איינער געוואָלט אויסצייכענען, פֿלעגט ער ניט גיין גלײַך צום אַרײַנגאַנג, נאָר זיך אַרײַנגאַנוועגען ערגעץ דורך אַ פֿענצטער, פֿאַרבײַ די מיסט מיט די ציגל. האָט אים בעניע איינמאָל צוגעדינט.

מע האָט באַמערקט, ווי דער פּאָדריאַטשיק גאַנוועט זיך צו אונדז אין מויער. לעם אַרײַנגאַנג צו אונדז האָט מען דעמלט אָנגעהויבן פֿירן ברעטער און פֿיל פֿורן האָבן זיך שוין געווען אויסגעלאָרן. דער פּאָדריאַטשיק האָט זיך געגאַנוועט פֿאַרבײַ די ברעטער. בעניע האָט גענומען דעם עמער וואַסער, אָנגעשאָטן אַהין זאַמד, ליים, שטיקלעך וואַפּנע פֿאַרטריקנטע, אַרופֿגעקראָכן אַף די ברעטער און, ווען דער פּאָדריאַדטשיק איז דורכגעגאַנגען פֿאַרבײַ, האָט ער איבערגעקערט אַף אים דעם עמער וואַסער און אים נאָך אָנגעטאָן דעם עמער אַפֿן קאָפּ. די מאַיסע האָט אופֿגעהויבן אַ גרויסן טומל, נאָר מ׳האָט גאָרניש ניט געקענט מאַכן. קיינער האָט ניט אויסגעזאָגט, ווער עס האָט עס אָפּגעטאָן. פֿון דעמלט אָן האָט דער פּאָדריאַדטשיק זיך צו אונדז שוין מער ניט געוויזן.

איינמאָל האָב איך אָבער פֿון בעניען דערזען אַזוינס, אַף וואָס איך וואָלט זיך קיינמאָל ניט גערייכט.

אין אונדזער גרופּע אַרבעטער איז געווען איינער, וואָס אַלע פֿלעגן זיך מיט אים רייצן, ער איז געווען אַ שנײַדער. קײַן שניידערײַ איז ניט געווען, איז ער אַוועק אַף שוואַרצער אַרבעט. אויסער אים האָבן געאַרבעט מיט אונדז בײַ דערזעלבער אַרבעט נאָך שנײַדער, שוסטער, קירזשנער, שמידן און אַרבעטער פֿון אַנדערע פֿאַכן. דאָך האָט מען קיינעם פֿון די איבעריקע ניט געטשעפּעט, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס עס זײַנען געווען גרעסערע שלימאַזאַלניקעס פֿון אים. ער איז געווען אַ באָכער פֿון אַ יאָר צוויי־און־צוואַנציק, אַ גאַנץ אַנטוויקלטער. אין די ערשטע טעג פֿון דער אַרבעט האָט מען זיך צו אים אַפּילע צוגעהערט. נאָר דערנאָך האָט מען זיך צוגעטשעפּעט צו זײַן שעוועליורע. אימעצן איז ניט געפֿעלן געוואָרן זײַן שעוועליורע: ער האָט געטראָגן אַ געקרײַזלטן קאָפּ האָר.

פֿון אָנהויב האָט מען מיט אים געשטיפֿט גאַנץ לײַכט, ער פֿלעגט צוריק אָפּענטפֿערן און אַזוי פֿלעגט עס דורכגיין. נאָר ביסלעכווײַז האָבן זיך אין דער שפּיל אַרײַנגעצויגן אַלץ מער מענטשן און וואָס ווײַטער האָט זי שוין אָנגעהויבן דויערן לענגער. דער שנײַדער האָט זיך שוין ניט אויסגעלאַכט, ווי פֿריער. ס׳איז אים שוין ניט געווען צום לאַכן. זאַמד, שטייבער. פֿלעקלעך, וואַסער, מיסט, העמדלעך—איבערן פּאָנים, שטויב—אין קאָלנער, צעריבענע וואַפּנע—אַפֿן קאָפּ, אַלץ איז געווען אין גאַנג. דעם שנײַדער האָט עס דערנומען. ער האָט אָנגעהויבן בעטן דעם אופֿזועער מען זאָל אים אַריבערוואַרפֿן אין אַן אַנדער מויער. דער אופֿזעער האָט עס אים צוגעזאָגט, נאָר ניט אויסגעפֿילט. ווען דעם האָבן זיך דערוווּסט די איבעריקע אַרבעטער. דאָס האָט זיי צוגעגעבן נאָך מער היץ. די שפּיצלעך איבער אים האָבן זיך צעוואַקסן און מערער פֿון אַלעמען האָט זיך דאָ אויסגעצייכנט בעניע.

אָט גיט ער איינעם אַ ווונק. דער שנײַדער שטייט שווײַגנדיק און אַרבעט. אַ שפּענדל פֿליט אים אין קאָפּ. דאָס איז אַ סיגנאַל. עס הויבט זיך אָן די כאַסענע, און אַלע מישן זיך אַרײַן. אָט גיט איינער אַ יואָרף אַ הײַפֿל זאַמד, דער שנײַדער פּרוּווט נאָך אַליין אַ לאַך טאָן, עפּשער וועט ער דערמיט אָפּקומען. ער גיט קלוימערשט צוריק אַ שאָט. די שפּיל ברענט זיך פֿאַנאַנדער. איינעו לויפֿט צו און שיט אים אַרײַן אין פֿאַנאַנדערגעשפּילעטן קאָלנער אַ הויפֿן שטיינדלעך, דער שנײַדער כאַפּט זיך פֿאַרן פּלייצע. גלײַך לויפֿט צו אַ צווייטער און גיט אים אַ ריס פֿאַרן שעוועליורע—דער שנײַדער צעוויגט זיך אַף די פֿיס. איינער טוט אַ כאַפּ אימעצנס אַ העמדל און טונקט אויס אין שטויב און דאָס העמדל פֿליט דעם

שנײַדער אין פּאָנעם און די שטויב פֿאַרבלענדעט אים די אויגן. דעם שנײַדער פֿאַרכאַפּט דער אָטעם. אַ געלעכטער, אַ לויפֿערײַ. בעניע איז שוין פֿאַרמאַטערט פֿון אַרומלויפֿן. זײַנע אויגן שווינדלען אַרום הין-הער, ער זוכט נאָך מיט וואָס אָפּצוטאָן דעם שנײַדער. זײַן בליק פֿאַלט אָפּן עמער וואַסער. אַ מאָמענט—און דער עמער וואַסער איז באַם שנײַדער אַפֿן קאָפּ. אַ געלעכטער-שאַס און דער שנײַדער פֿליט אַרויס פֿון מויער.

---

מיר זײַנען שוין אין מויער דערגאַנגען ביז דעם דיל. דער שנײַדער האָט געאַרבעט מיט מער אימפּעט פֿון אַלעמען, און דער דיל האָט זיך באַ אים גיך געריינ̇יקט.

בעניע איז געווען עפּעס בייז. ער האָט געזוכט אַרום זיך אין וועמען אויסלאָזן דעם קאַעס און שוין עטלעכע מאָל געפּרוווט פֿאַרפֿירן אַ קריג מיטן אופֿזוער. דער אופֿזוער האָט זיך אָפּגעטראָגן, נאָר אָט האָט בעניע דערזען דעם שנײַדער און האָט זיך צו אים שטרענג אַ קער געטאָן:

— דו, ברען ניט אַזוי!

דער שנײַדער האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק.

— דו, פּאַסטריגע, דיר זאָג איך...

דער שנײַדער האָט אָף אים אַ קוק געטאָן מיט אַ זײַט אויג און פֿאַרגעזעצט די אַרבעט. דער גראָבאײַזן האָט באַ אים אָנגעהויבן בלאָנדזשען.

— שנײַדערוק, ביסט טויב? ע, גיב אים דאָרטן אַ צי פֿאַר אַ פּייע, איך וויל אים עפּעס זאָגן...

אַ הויפֿן קויט פֿליט דעם שנײַדער אין פּאָנעם. עס האָט אַ קנאַל געטאָן אַ געלעכטער. דער גאַנצער פּאָנעם באַם שנײַדער איז געווען פֿאַרברודיקט. בעניע האָט זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן:

— כעוורע, שמײַסט אין שוועליורע...

און אַליין געוויזן דעם ערשטן בײַשפּיל. דער שנײַדער האָט עס געפּרוווט מאַכן צו גאָרנישט. ער האָט אַראָפּגעשאַרט די קויט פֿון די האָר און זיך אַ בעט געטאָן:

— הערט אוף, כעוורע, ס'איז דאָך קויט...

אַ געלעכטער.

אַ האָגל געקנאָטענער זאַמד מיט קוילן האָט זיך ווידער אַוועקגעטראָגן אין זײַן זײַט. דעם שנײַדערס האָר האָבן זיך צענויפֿגעפּלאָכטן אין איין שטיק. גרוי-שוואַרצע לאַטעס האָבן אים באַדעק̇ט די בגאָדים, קויט האָט אים געטראָפֿן אין מויל, אין נאָז און ער האָט אָנגעהויבן שפּײַען און הוסטן. די סימכע איז געוואָרן גרעסער. מ'האָט אָנגעהויבן וואַרפֿן שטאַרקער. איך האָב זיי געפּרוווט אָפּשטעלן, נאָר ס'האָט ניט געהאָלפֿן. דער שנײַדער האָט זיך מיטאַמאָל צעקאָכט. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן מיטן גראָבאײַזן אַף בעניען:

— הער אוף, זאָג איך דיר!

בעניעס אויגן האָבן זיך רעצי̇כעסדיק אָנגעצונדן:

— אַ, אַזוי גאָר?!

בעניע האָט זיך אַ דריי געטאָן אַ צאַפּלדיקער. באַמערקט אַ זאַק אונטער די פּיס, אַ טונק אין בלאָטע און אַ שמיקגעטאָן עס דעם שנײַדער אין פּאָנעם אַרײַן. דער שנײַדער האָט זיך פֿאַרכלינעט, דער שנײַדער האָט זיך געשטיקט.

אַלע האָבן זיך דערשראָקן אָפּגעשטעלט און אופֿגעהערט וואַרפֿן. נאָר אַ פֿאַרבלאָנדזשעטע שפּענדל איז דורכגעפֿלויגן פֿאַרבײַ דעם שנײַדערס פּאָנים און זיך פֿאַרשעמט אָפּגעקערט אָן אַ זײַט. עטלעכע האָבן זיך פֿאַרלאָרן דורכגעקוקט.

דער שנײַדער האָט זיך מיטאַמאָל אַ פֿאַרצווייפֿלטער אויסגעקערט צו אונדז:

— בלוטזויגערס!..

און מיט אַ געוויין אַרויסגעלאָפֿן פֿון מויער.

קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופֿן. אַלע זײַנען געבליבן שטיין מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ.
איך בין אַרויס פֿון מויער און אַ זוך געטאָן דעם שנײַדער, ער איז געזעסן אַף אַ בינטל ברעטער און דער גאַנצער קערפּער איז בײַ אים אַרומגעלאָפֿן. קײַן שעוועליורע איז בײַ אים ניט געווען, אַנשטאָט איר—אַ קופּע קויט. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אַ קוקגעטאָן אַף מיר. סינע, ווייטיק, טרערן זײַנען געשטאַנען אין זײַנע אויגן.

II

אונדז האָט מען אַוועקגעשיקט אַף אַן אַנדער אַרבעט. מיר האָבן איצטער אָנגעלאָדן פּלאַטפאָרמעס מיט קלעצער. די קלעצער זײַנען געווען גראָבע, דעמבענע, האַרטע, ווי אײַזן.
די אַרבעט איז פאָרגעקומען אַף אַ קליינער סטאַנציע האַרט בײַם וואַלד. קיינע מע-כאַניזמען אַף דערלאַנגען די קלעצער זײַנען ניט געווען און ס׳איז אויסגעקומען הייבן זיי מיט די הענט. קײַן שטריק האָבן מיר אַפילע ניט געהאַט און קײַן פּאַסיקע לעגערן זײַנען ניט געווען. דאָס אַלץ האָט מען ערשט אַראָפּגעבראַכט שפּעטער, נאָר מיר האָבן זיך איבער דעם ניט אָפּגעשטעלט און גענומען מיט קויעך.
די פּלאַטפאָרמעס פֿלעגן מיר אליין צופירן. מיר פֿלעגן אָנשפּאַרן אַף די פּלאַטפאָר-מעס צוויי אָדער דרײַ ווערשקאָווע קלעצלעך און קײַקלען די דעמבן אַרויף: מיר פֿלעגן זיך אויסשטעלן לענגויס דעם דעמב, ווי מוראַשקעס, רײַבן זיך איינער אָן דעם אַנדערן מיט די פּלייצעס און שטויסן עס אַף דער פּלאַטפאָרמע.
ס׳האָט געטראָפֿן. ווען די ערשטע שורע קלעצער האָט זיך שוין אויסגעלייגט און מיר האָבן געקײַקלט די צווייטע, האָט זיך די קלאָץ ניט אײַנגעהאַלטן אַף דער פּלאַטפאָרמע און פֿון דער צווייטער זײַט געפֿלויגן אף ־ער ערד. די רעדער פֿלעגן זיך צעשטשירען און אונ-טער די פֿיס פֿלעגט בײַ אונדז אַ ציטער טאָן מיט אַ הוקע, ווי מען וואָלט געזעצט אין אַ באַראַבאַן.
בעסער פֿון אַלעמען האָט געאַרבעט בעניע.
זינט די מאַיסע מיטן שנײַדער, איז מיר בעניע פֿרעמדלעך געוואָרן. איך האָב זיך געהאַלטן ווײַטלעך פֿון אים און געאַרב־ט אַף דער צווייטער זײַט קלאָץ. ער האָט עס אָבער ניט באַמערקט. ער האָט מיט אימפּעט געשטורעמט די קלאָץ, געפֿלויגן פֿון איין זײַט צו דער צווייטער און געהאָלפֿן יעדערן מיט היץ, מיט ברען און מיט געשריי.
און דעמלט האָט זיך געטראָפֿן אַזאַ צופֿאַל.
מיר האָבן אַרויסגעשלעפּט אַ דעמב פֿון אַ ווערשקעס צוועלף די גרעב, דער קאַמעל זײַנער איז געווען קימאַט אין אָנדערהאַלבן מאָל גרעבער. בעניע האָט דערזען דעם דעמב, האָט ער זיך אַזש צעשפּרונגען אַרום אים. ער האָט אָנגעהויבן אַרומלויפֿן צווישן אונדז, ווי דאָ וואָלט זיך גערעט וועגן זײַן אייגענער כאַסענע. זײַן געשריי האָט אַלעמען געדעקט.
— אַ נו, כעווריע, א נעם!
— כעווריע, נו העלפֿט!
— אין דײַן מאַמעס מאמען אַרײַן, קירבעס, וואָס וואַרעמסטו דאָרטן די פֿינגער, לייג צו אַ האַנט, נו, גענומען!
— גענומען איינס, גענומען צוויי, עך קלעצעלע מאַמעניו, איינס, צוויי...
— גייט אין דר׳ערד, לאָזט ניט אָפּ, האַלט! איינס, צוויי...
די קלאָץ האָט זיך פּאמעלעך גערוקט ארוף. הויבן זי מיט די הוילע הענט האָט מען ניט געקענט, האָבן מיר זי געהויבן מיט דראָנגען. בעניע האָט געכאַפּט אַ גרויסן דראָנג און אונטערגעהאַלטן די קלאָץ אין סאמע מיטן. ער האָט זיך אָנגעלייגט מיט די גאַנצע קויכעס און די קלאָץ האָט שוין דערלאַנגט דעם אויבן. איך בין אָפּגעגאַנגען מיט נאָך אַן אַרבעטער צוקײַקלען אַ צווייטע קלאָץ, נאָר מיטאַמאָל האָב איך דערהערט אַ געשריי און

דערזען: איין לעגער האָט זיך אויסגעגליטשט און אַראָפּגעפאַלן אַף דר'ערד, עטלעכע מענטשן זײַנען געפאַלן, די קלאָץ האָט זיך אַ שאַרע געטאָן אַראָפּ און געבליבן איבער זיי ה'נגען אַף איין דראָנג: בעניע האָט אים געהאַלטן.

דער דראָנג איז געווען שטײַף אײַנגעשפּאַנט אין דער פלאַטפאָרמע און די גאַנצע מאַסע פונם דעמב איז איצטער געלעגן אַף בעניען. ער האָט זיך אײַנגעבויגן, ווי עפּעס וואָלט אים געשטיקט אין האלדז, און פון ברוסט בא אים האָט זיך געריסן אַ געשריי. דער פּאָנעם זײַנער איז פאַרלאָפן מיט בלוט און אין די אויגן האָט ליכטיק געברענט, ווי מע-סערס וואָלטן דאָרטן געבלאַנקט. איך האָב אַ געשריי געטאָן און זיך אַ וואָרף געטאָן צו די איבעריקע ארבעטער, וואָס זײַנען געשטאַנען פאַרלאָרן אַנאַזײַט:

— סוואָלאָטשעס, א מענטש ווערט דאָך געהאַרגעט!

און אָוועקגעלאָפן צו בעניען. אַלע האָבן זיך א לאָז געטאָן נאָך מיר. די קלאָץ האָט מען אויפגעהובן אַף די הענט, די פלאַטפאָרם האָט אַ קרעכץ געטאָן און עס אַרײַנגענומען אין אירע אָרעמס.

בעניע איז געגאַנגען אָן אַ היטל און זיך געשאָקלט. איך האָב אים אָפּגעטראָטן די וועג.

III

מיר האָבן נאָכדעם געאַרבעט אינײנעם אַפן זאַוואָד אין דער אָפּטיילונג, ווו מ'קלאַפּט צונויף די קעסטלעך.

מיר האָבן געקלאפּט מיט די האַמערס און געשווינד אומגעוואָרפן די ברעטלעך מיט די טשוועקלעך. די פינגער פון דער לינקער האַנט פלעגן זיך באדעקן מיט בלײַענער שוואַרצקײַט, וועלכע פלעגט זיך דערנאָך אויסלייגן אין פלעקן אַף דער נאָז און אַף די באָקן. די טשוועקלעך האָבן אונדז געשטאָכן די הענט און ניט זעלטן פלעגט דער האַמער מעכאַבעד זײַן איבער די פינגער אָנשטאָט די טשוועקלעך. די נעגל פלעגן דאַן ווערן בלוי און אַף די פינגער פלעגן אויסוואקסן ברוין-שוואַרצע פלעקן.

אין אונדזער אָפּטיילונג איז געווען שטויביק און ווייניק לופט. הינטער אונדז האָט זיך געהויבן ביזן סטעליע אַ בארג פון אָנגעקלאַפּטע קעסטלעך. די באַרג פלעגט זיך אויס-שפּרייטן איבערן גאַנצן צימער, די קעסטלעך פלעגן זיך אונדז קײַקלען צוריק אַפן פלייצע און זיך באָמבלען אונטער די פיס. פלעגט אונדז אויסקומען לאָזן די אַרבעט, צונויפלייגן די קעסטלעך און ארויסטראָגן אַפן גאס.

בעניע האָט געאַרבעט אָן כיישעק און אָפט געבורטשעט.

— אַרבעט, אַז ס'איז ניטאָ צום לעבן... האָרעווע. האָרעווע און קריג קאַדאָכעס... צוליב וואָס האָט מען זיך אַף די פּראָנטן געוואַלגערט?

און ער פלעגט זיך צעדונערן מיטן האַמער. פון קאַעס פלעגט ער כאפּן קלאַפּן מיטן האַמער אָן טיש און איך פלעג שיר ניט פאַרטויבט ווערן פון דעם טומל.

בעניע האָט זיך שוין אַ צײַט געבעטן באַם זאַווקאָם, מ'זאָל אים איבערוואַרפן אַרבעטן אין זאַוואָד גופא. די ארבעט האָט זיך דאָרטן געענדיקט אין אלערליי שאָען און די מיש-מוירעס האָבן זיך געביטן אין מעשעך פון מעסלעס. מיט אונדז אָבער פלעגן ענדיקן די אַרבעט ווייניק מענטשן און די זאַוואָדישע סירענע האָט אָפט געפײַפט, נאָר פאַר אונדז. אומעטיק פלעגט זײַן אַוועקגיין אליין פון זאַוואָד, פונקט ווי מענטשן פון א פרעמד לאַנד.

בעניען האָט מען צוגעזאָגט איבערוואַרפן, נאָר מ'האָט עס ניט אויסגעפילט. די ער-טער אין זאַוואָד זײַנען געווען פאַרפילט און זעלטן, ווען אימעצער פלעגט פון דאָרטן אַוועקגיין, און טאָמער פלעגט זיך שוין באַפרײַען אַן אָרט, פלעגט מען שיקן אַן אַרבעטער, וואָס האָט זיך געווען געבעטן פריער. בעניע פלעגט זיך דעמאָלט אָנהויבן קאָכן:

— דאָס איִז עמעס, זאָג, ס׳איִז עמעס, ס׳איז פֿאַראַן עמעס אַף דער וועלט? גע-שטאָרבן, ברודער! איִן דר׳ערד! גיב נאָר אַ קוק: מיִר האָבן די בורזשויעס פֿאַרטריִבן, ווו זײַנען זיי? נײַע געמאַכט אַף אונדזערע קעפּ...

ווען דער קאַעס פֿלעגט איִם שטאַרק פֿאַרנעמען, פֿלעגט ער אַ וואָרף טאָן דעם האַמער און זיך לייגן אַפֿן טיש.

— געווג, איִן דר׳ערד, אָנגעאַרבעט זיִך... גענוג, זאָג איִך אײַך, אונטערלעקער!

ער האָט זיִך אַ לייג געטאָן אַפֿן טיִש און מיִט דער פֿוס אַראָפּגעשלײַדערט די קעסטל טשוועקעס.

---

דאָס איִבערוואַרפֿן בעניען אַפֿן זאַוואָד איז שוין געווען אַף אַ גאַנג, בעניע איִז פֿריי-לעכער געוואָרן, ער האָט איִצטער גאַנצע טעג געזונגען און דער נידעריִקער ציִמער האָט זיִך געהויבן פֿון אונדזערע אַלעמענס שטיִמען. ער איִז אָפֿט געלאָפֿן איִן זאַוואָד, באַקאַנט זיִך מיִט דער ארבעט, וואָס מ׳האָט איִם געוואָלט געבן און געשמועסט מיִט די אַרבעטער. אונדזער אָפּטיילונג איִז איִצטער געווען שטענדיִק געפּאַקט מיִט קעסטלעך, און דער פֿאַר-וואַלטער פֿון פּאַק-אָפּטיילונג האָט זיך אַזש געוואונדערט:

— וואָס איִז דאָס, בעניע, וואָס איִז מיִט דיִר?

בעניע האָט ־אַף איִם אַפֿילע ניִט אַ קוק געטאָן און לעבעדיק געצויגן דאָס ליִד.

די פֿריילעכע שטיִמונג האָט אָבער לאַנג ניִט געדויערט. דער אַרבעטער, אַף וועמעס אָרט בעניע האָט זיִך געקליִבן גיין, איִז געבליבן אַף זײַן אָרט און בעניען האָט מען ניִט איִבערגעוואָרפֿן. בעניע האָט אופֿגעהערט זינגען.

אין זאַוואָד האָט זיך דערווײַל באַפֿרײַט אַן אנדער אָרט און אַהין האָט מען געשיִקט אַ צווייטן פֿון אונדזער אָפּטיילונג. ער האָט שווארץ באַגלייט דעם אַרבעטער מיִט די אויגן. אַף יענעמס אָרט איז געקומען צו אונדז עפּעס אַ ייִנגל פֿון אַ יאָר זעכצן.

פֿאַרנאַכט איז בעניע אַרויסגעטראָטן אַף דער פֿארזאמלונג פֿון פּאַרטיי-קעמערל. די גאַנצע צײַט, וואס ס׳איִז געגאַנגען די פֿאַרזאמלונג, האָט ער קײַן וואָרט ניט אויסגערעדט און געזעסן אַן אָנגעכמורעטער.

באַם ענדיִקן האָט ער זיך געשטעלט און געבעטן אַ וואָרט.

— וואָס נאָך?

אַלע זײַנען געווען מיִד און מען האָט זיך געאיילט אַוועקגיין.

— איִך בעט שטעלן די פֿראַגע וועגן מיר... איִך האָב וויפֿל מאָל געבעטן מ׳זאָל מיִך איִבערוואַרפֿן אַף אַן אַנדער אַרבעט און מען וואַרפֿט מיִך אלץ ניִט איִבער... פֿאַרוואָס לאָזט מען מיִך ניִט צו צום זאַוואָד?

— ווער לאָזט ניט?

— איִך בעט די גאַנצע צײַט מען זאָל מיִך שיִקן, אַלעמען שיקט מען און מיִך ניִט.

— ס׳וועט זײַן אַרבעט, וועט מען דיִך שיקן...

— איִך וויִל מען זאָל איִצטער דאָס פֿאַנאַנדערקלײַבן...

— מאַלע וואָס דו וויִלסט, מ׳איִז פֿארמאטערט אלע...

— אַן אנדערער וואָלט געבעטן, וואָלט איִר פֿאַנאַנדערגעקליִבן, ווען אַן אַרבעטער, ווילט איר ניִט...

— און ווער זײַנען מיִר, ספּעקוליאַנטן?

— אונטערלעקער!

— וואָס? ווי?

בעניע האָט צורייצט אַ קלאַפּ געטאָן מיִט דער טיִר.

וועגן בעניען האָט מען געשטעלט די פֿראַגע אין פּאַרטיי-קעמערל.

## IV

בעניע האָט אָנגעהויבן טרינקען. ער איז געוואָרן בלייך, די באַקן איינגעפאַלן. ער האָט אַרייַנגעשלעפּט צו זיך אין קאמפּאניע אויך דעם יינגל, וואָס איז ניט לאַנג אָנגעקומען צו אונדז אַרבעטן.

אַף דער גאַס האָב איך זיך מיט אים באַגעגנט. ער איז געווען מיט זייַן נייַעם כאַ-ווער, דעם יינגל פון אונדזער אָפּטיילונג. זיי האָבן געפירט אונטערן האַנט אַ קורצע הינ-קעדיקע ווייַבל. בעניע האָט אונטערגעשטופּט דאָס ווייַבל און איר דערלאַנגט מיטן פויסט אין זייַט:

— גיי, קורווע, לעבעדיקער אַביסל, זעסט ניט, אַז ער האַלט באַלד ניט אויס...

די ווייַבל האָט זיך שיקער צעקוואָלן:

— נאָך גאָר אַ יינגעלע, קום אַהער קליינער, איך וועל דיך אַ קוש טאָן...

בעניע האָט זי גראָב אָפּגעשלעפּט:

— וואָס נאָך, קושן זיך נאָך מיט דיר, שלעפּ זיך באַנדז...

און אַוועק.

אין פאַבריק זייַנען זיי געקומען ערשט אַפן צווייטן טאָג. דער פאַרוואַלטער פון פּאַק-אָפּטיילונג האָט אַף זיי עפּעס סוידעסדיק אַ קוק געטאָן, נאָר גאָרניש ניט געזאָגט.

דעם גאַנצן טאָג האָט בעניע כמורע אָפּגעשוויגן. פאַרנאַכט האָט געדאַרפט פאָרקו-מען די פאַרזאַמלונג פון פּאַרט-קעמערל. דאָרטן איז געשטאַנען די פראַגע וועגן בעניען.

ס'איז שוין געווען פינצטערלעך, ווען מען האָט געעפנט די פאַרזאמלונג. בעניע האָט זיך מיטאַמאָל אופגעשטעלט און זיך שוואַרץ אָנגעכמורעט:

— איך בעט אַ וואָרט...

אַלע האָבן וואַרטנדיק אַ קוק געטאָן אין זייַן זייַט. דער פאָרזיצער האָט אים פאָר-זיכטיק געפרווט אָפּשטעלן:

— צום טאָג-אָרדענונג?

— ניין, איך וויל, מ'זאָל פאַנאַנדערקלייַבן וועגן מיר...

— טאָ וואַרט, מירן פריער אָנמערקן דעם טאָג-אָרדענונג...

— איך וויל פריער, מען זאָל פאַנאַנדערקלייַבן וועגן מיר...

ער האָט פאַראַקשנט אַראָפּגעלאָזן די ברעמען.

איינער האָט בייז אויסגערופן—מאַלע וואָס דו ווילסט...

דער פאָרזיצער האָט אומגעדולדיק אַ קלאַפּ געטאָן מיטן בלייַפעדער.

—זעץ זיך, בעניע, מען וועט באַלד באַטראַכטן.

האָט ער זיך אַ ריס געטאָן צום פאָרזיצער און זיך צעשריען:

— מיר אין די אויגן ווילט איר ניט ריידן, איר ווילט עס נאָר טאָן, ווען איך בין ניטאָ... דאָס וועט ניט דורכגיין...

אין צימער האָט זיך צעטומלט. דער פאָרזיצער האָט געפרווט אַלעמען איבערשרייַען

— כאַוויירים, רויקער!

דער טומל האָט זיך געקייַקלט פון אַלע זייַטן.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ אַרבעט!

— איינער וועט אַלעמען קריכן אַפן קאָפּ...

— כאַוויירים, רויקער!

— מ'קריכט מיר אַפן קאָפּ, איך וועל עס ניט דערלאָזן!..

דער פאָרזיצער האָט זיך געבעטן:

— מיר האָבן דאָך דיר גערופן אַפן ביוראָ, האָסטו ניט געוואָלט גיין... דו ביסט דאָך דאָ איצטער, קיינער טרייַבט דיך ניט אַוועק... כאַוויירים, שטילער!

— געגוג צו צאַצקען זיך מיט אים... זאָל מען ענדיקן... שטעלט זײַן פֿראַגע די ער-שטע...

מער ווי א שאָ צײַט האָבן געדויערט די ארויסטרעטונגען. עטלעכע האָבן זיך אַרויס-געזאָגט פֿאַר בעניען, אַז מען טאָר אים ניט אויסשליסן, אַז מען דאַרף אים זען דערציען. בעניע האָט זיך צעקאָכט:

— איך בעט אײַך ניט ריידן פֿאַר מיר, אונטערלעקער!

ס'האָט זיך ווידער אופֿגעהויבן אַ טומל. דער פֿאָרזיצער האָט אים קאָם באַרויִקט.

בעניעס אַרויסטרעטונג האָט אַלעמען אָפּגעקילט און מען האָט איצטער גענומען ריידן, נאָר קעגן אים.

בעניע האָט זיך עטלעכע מאָל געריסן פֿון אָרט, ניט אויסגעהאַלטן, זיך אַ הויב גע-טאָן און אויסגעשאָסן:

— שליסט אויס, סאַי ווי וועט איר דאָך אויסשליסן... איך דאַרף קײַן ווערטער ניט. שליסט אויס.

מיט אַ מערהײַט פֿון צוויי שטימען האָט מען אים אויסגעשלאָסן פֿון פּאַרטיי.

בעניע האָט זיך מיטאַמאָל אַ ריס געטאָן צו אונדז.

— אָ, טאָ געדענק זשע!

און אַוועקגעלאָפֿן צום זאַוואָד. אַף אַ רעגע איז געוואָרן שטיל. באלד האָט זיך איי-נער דערשראָקן אָפּגערופֿן:

— גיט אַ קוק, ער וועט נאָך עפּעס אָפּטאָן..

אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום זאַוואָד.

מיר זײַנען געלאָפֿן פֿאַרבײַ בלאַנקענדיקע אײַזנס, אונטער פּאַסן און שקיון—זיך גע-יאָגט נאָך בעניען. איינער האָט פֿאַרטשעפּעט אַ בלעך מיט בוימל—האָט זיך דאָס בוימל גליטשיק צעגאָסן איבערן דיל. עטלעכע זײַנען געפֿאַלן. איך האָב דערהערט זידלערײַען הינ-טער זיך. בעניע איז געלאָפֿן אַפֿן צווייטן עטאַזש.

איך האָב זיך אַרײַנגעריסן אין קוואַסילנע. ס'האָט מיך אָפּגעגאָסן מיט ליכט און מיט געשריי. צוויי קײַלעכדיקע הײַזער האָבן געגוואַלדעוועט. ס'האָט מיר פֿאַרטויבט די אויערן.

אינדערהויך צווישן די קעסלען האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן בעניע. ער האָט אַ שפּרונג געטאָן און—אין קעסל.

אין קעסל האָט אַ וואַסער-פֿאַל פֿון מילך געשריען, געברויזט און געטרייסלט די אײַזערנע ווענט. בערג ווײַסע שוים זײַנען געקראָכן, געריסן זיך און אַ קויעך פֿון ספּירט האָט געשטיקט דעם אָטעם.

אַ געטומל. אַ געמיש.

נאָר איינער האָט אַרויסגעלאָזן פֿון טשאַן די לופֿט. און די שוים האָט זיך גענומען אַראָפּזעצן.

אין געלן יאַם פֿון שיטערע הייוון האָט זיך באַוויזן בעניעס פֿאַרשוימיקטער קאָפּ. ס'האָט זיך צעפֿינקלט דער קופּער פֿון כאָלאָדילניק און ס'האָבן צעשווינדלט: מענטשן, הענט, שלאַנגען פֿון גומענע קישקעס און—בעניען האָט מען אַרויסגעשלעפּט פֿון קעסל.

בעניע האָט ניט געעטעמט.

---

איז זאַוואָד האָט געשמעקט מיט זאַפֿטיקן רויעך פֿון וואַלד און פֿון סמאָלע און אונ-טער די פֿיס—קאָרע, שפּענער, שטויב און אָפּפֿאַל פֿון געהילץ. די זעגן האָבן געזונגען, געהילכט און מיך פֿאַרשטויבט און צעטומלט.

ס'האָט עמיץ מיך אַ נעם געטאָן פֿאַר דער פּלייצע: בעניע!

— זדראָוו, גיי אין דר'ערד, ווי קומסטו צו אונדז אַפֿן פֿאַבריק—ער האָט מיר גע-דרייט און געדריקט די האַנט:—קום אהער, דערצייל פֿונוואַנען קומסטו?—

בעניע איז געווען אַ פֿאַרשאָטענער מיט אַפּילקעס, ווי ער וואָלט נאָר וואָס אַרויסגעקראָכן פֿון אַ גאָלדענעם רעגן און ער האָט מיר אוועקגעשלעפּט צווישן די זעגן.

בעניע האָט זיך געשטעלט באם סטאנאָק, דאָס ייִנגל האָט אָנגעשטעלט די קלאָץ און בעניע האָט איבערגעפֿירט דעם פּאס, די ראַם-זעגן האָבן זיך מיטאַמאָל צעלאָזן אַרויף און אראָפּ און זיך צעפֿינקלט מיט שטראַלנדיקע ציינער:

— דערלאנג!

עס האָט זיך דערהערט אַ גערויש, ווי מען רײַבט קרויט. דער געלאָף פֿון די זעגן האָט זיך פֿארהאלטן: זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט דער קלאָץ און גענומען רײַסן איר פֿלייש. עס האָט זיך צערעגנט מיט אפּילקעס און דער גרויער פֿארברודיקטער קאמעל פֿון דער קלאָץ האָט זיך צעשנירלט מיט שפּאָגל נײַע שטריכן. די קלאָץ איז געקראָכן צווישן די זעגן.

— זעסט, ניטאָ קײַן צײַט. בעניע האָט זיך צעשמייכלט.

— זאָלסט קומען, הערסט?

— יעע...

מײַן קאָל האָט זיך פֿאַרלאָרן אין געוויין, פֿײַפֿערײַ, קריצערײַ און קוויטשערײַ פֿון די זעגן, דאָס זײַנען אוועק די צירקוליארקעס.

איך בין אוועקגעגאנגען. דער זאוואָד האָט זיך צעהילכט נאָך מיר מיט אַ געשריי און קוויטשערײַ פֿון שטאָל און אײַזן. איך האָב זיך דערווײַטערט, געקראָכן צווישן גאָלדענע נעט אויסגעלייגטע ברעטער און געטראַכט פֿון מענטשן, וואָס האָבן אײַנגעשפּאנט אַן ארבעט און פֿון אַן ארבעט, וואָס האָט אײַנגעשפּאנט אַ מענטשן.

---

י. ריִוועס.

# אָקופּירטע שטאָט.

(ס אָ ף).

אַף דער נאָענטסטער זיִצונג האָט בערל אַביִסל פאַרשפּעטיִקט, ער איִז געקומען גראָד דאַן, ווען דער יונג האָט שוין געענדיִקט באַקענען דעם קאָמיִטעט מיִט די רעזולטאַטן פון די פאַרהאַנדלונגען מיטן לייטענאַנט. באַם יונג האָבן די אויגן, וויִ שטענדיִק איִן אַזעלכע פאַלן, געשפּאַרט אַף אַרויס, און דער פּאָנים און מאָגערער גופל איִז געווען מאָדנע באַלעבט:

— דאָס דאַרף בלייַבן אַ סאָד איִן די פיִר ווענט,—האָט ער מיִט איין פיִנגער אַ קלאַפּ געטאָן איִן ברעג טיִש--דער לייטענאַנט האָט אַנטגיִלטיקט צוגעזאָגט געבן געווער און אַפּיִלע פּראָדוקטן. כאַווייריִם—האָט ער געוואָרנט—מיִר טאָרן ניִט פאַרגעסן, אַז דאָס איִז אַ צוזאָג פון אַן אָפיִצער און דערצו נאָך פון אַ נעוועוועגעם סאָציאַל-דעמאָקראַט, דעריִבער דאַרף מען זיך אַף דעם ניִט פאַרלאָזן, נאָר איִן אַ געוויִסער מאָס, ביִז אַ געוויִסן גראַד קאָן מען אַף דעם אויסרעכענען...

די איִנפאָרמאַציע האָט אַלעמען, וויִ טיִפער אייַנגעגראָבן איִן די ערטער. נאָר בערל האָט אַרויסגערוקט דעם פּאָניִם און האָט גערעט אַזוי, גלייַך ער וואָלט אַליין געפּיִלט, אַז ניִט וועגן דעם דאַרף ער איִצט ריידן, אַז ניִט דאָס קאָן זייַן אַן ענטפער אַף דער איִנפאָרמאַציע:

— אייַזנבאַנער גיִבן איִבער, אַז די דייַטשן פאַרלאָזן די שטאָט פּאַמעלעך און ביִסלעכווייַז, דערפאַר אָבער פיִרן זיי אַלץ אַרויס גיִך און אַסאַך—האָט ער דערציילט מיִט אַזאַ טאָן, וויִ ער וואָלט זיִך געציִלט אָפּשוואַכן דעם אייַנדרוק פון דעם יונגס פאַרהאַנדלונגען—דעם קלענסטן שרייַפעלע נעמען זיי מיִט. אויב מיִר וועלן גאָרניִט טאָן, בלייַבט די געגנט נאַקעט.

באַם יונגן יונג, באַם רעדנער, איִז די הויט אַפן פּאָניִם שטאַרק אָנגעצויגן געוואָרן און די אויִגן האָבן אַרויסגעשפּאַרט. געוואָלט האָט ער אַלעמען דערווייַזן, וויִ דער שוסטער זוכט שטענדיִק אויס אַזוינס, וואָס זאָל אָפּהאַלטן די גיִכע באַוועגונג פון קאָמיִטעטס אַרבעט און פּלענער.

ער האָט קוים באַוויזן אַרויסריידן מיִט אַ פאָרשנדיִקן בליִק:

— איִז וואָס לייגסטו פאָר?

— מייַן מיינונג?—ער האָט זיִך אָפּגעהאַלטן, ווייַל ער אַליין האָט ניִט געוואַגט פאָרלייגן, ווייַל איִם אַליין האָט דאָס קענטיִק אויסגעזוען ניִט גאָר רעאל—מייַן מיינונג?—אַ שטרייַק!

די זיִצונג האָט איִר שטענדיִקע אָרדענונג פאַרלאָרן. אַלע האָבן זיִך וויִ אָנגעצונדן. קיינער האָט מער קייַן וואָרט ניִט געבעטן און אַלע—אַלע האָבן עפּעס אַרויסגערעט, אַרויסגעשריִען, וויִ אַ פאַרוווּנדערונג:

— פון וועמען?

— קעגן וועמען?

— קעגן די דייַטשן, וואָס אַנטלויפן צו ביִסלעך.

— און ווער? די צוואַנג-אַרבעטער, וואָס שלעפּן קוים די פֿיס אין די הילצערנע שיך?

— כאַוויירים, זאָל ער קלאָר זאָגן, וואָס ער מיינט—האָט איינער געוואָלט צי אַ פּשאָרע מאַכן, צי פּאָשעט איינשטילן.

אַוויילע האָט בערל זיך געפֿונען פֿאַרלאָרן און פֿאַרטומלט. אוויילע האָט ער זיך אַליין פֿאַרפֿלאָנטערט אין זיין צוגעגרייטן פֿאָרשלאָג וועגן אַ שטרייק. דער פּאָנים האָט אים שוין אַפֿילע געהאַט העל אויפֿגעפֿלאַמט. ערשט שפּעטער האָט ער זיך געפּאַסט, פּאָשעט דערמאָנט:

— אַ וואַסער-לייטונג איז באַ איך—גאָרניט, אַ עלעקטרישע סטאַנציע—גאָרניט? און די אַרבעטער אַפֿן באַן?—האָט ער זיך, ווי אַף עפּעס גרויסעס געוואָלט פֿאַרמעסטן זאָגן און באַלד זיך אָפּגעשטעלט, פּונקט ווי ער וואָלט זיי ניט וועלן פֿאַרשעמען.

אַוויילע זיינען אַלע געבליבן שטיל און צוריקגעהאַלטן.

פֿון צענדליקער יאָרן האָבן אַרבעטער געפֿירט אָפֿענע און באַהאַלטענע שטרייקן און שטענדיק זיינען די באַן, עלעקטריע-און וואַסער-לייטונג-אַרבעטער געשטאַנען פֿונוויטן, אָדער האָבן דאָס אַפֿילע ניט באַמערקט. בלויז אין צייטן פֿון גאָר גרויסן אויפֿשטייג, ווען קליינע איינציקע און באַהאַלטענע שטרייקן פֿלעגן זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַלגעמיינע און גרויסע, נאָר דאַן פֿלעגן זיך יענע אַרבעטער אַריינציען אין שטרייק אַף עטלעכע שאָ. נאָר אויך דאָס איז געווען אַ איינציקער פֿאַל. דערפֿאַר האָט דאָס אויסגעזען, ווי אַ פֿריידיקע אַנטדעקונג, ווי אַן אָנזאָג אַף עפּעס גרויסעס.

נאָר דער יונגער יונג איז נאָך אַלץ געבליבן צוריקגעהאַלטן.

אָבער ניין, אויך צו אים האָט דער שטרייק, ווי געוווּנקען. דערפֿאַר האָט ער פֿאָר-בעלייגט פֿיקסירן אזא באַשלוס:

1) פֿאָרלייגן אַלע פּאַרטיי-כאַוויירים און מיטפֿילנדיקע, וואָס גייען אריין אין פֿאַריין-פֿאַרוואַלטונגען, שטעלן די פֿראַגע וועגן אַ פּראָטעסט-שטרייק, קעדיי צווינגען די דייטשן קיין זאַך ניט אַרויספֿירן.

2) פֿאָרזעצן די וואַלן צום ראַט מיט דערזעלבער ענערגיע, וואָס פֿריער.

3) דעם ערשטן און צווייטן פּונקט פֿון פּראָטאָקאָל איבערלייענען אַף די באָלשעוויס-טישע פֿראַקציעס אין די פֿאַריינען.

ווען דאָס איז געווען קלאָר פֿאָרמולירט און פֿאַרצייכנט, האָט ער זיך דערמאָנט פֿרעגן:

— פֿאַראַן אַנדערע פֿאָרשלאגן?

אַלע האָבן געקוקט אף בערלען. אַלעמען האָט אויסגעזען, אַז דאָס דאַרף אים נאָך ניט באַפֿרידיקן, ווייל קיין באַשלוס וועגן אַ שטרייק איז נאָך דערוויל ניט געווען. דער-ווייל האָט מען באַדאַרפֿט נאָר „שטעלן די פֿראַגע״. נאָר דער יונג איז געווען אַ פֿלינקער, האָט ער געקענט פֿאָרלייגן אַ באַשלוס, וואָס זאָל באַפֿרידיקן אָדער באַרויקן אַלעמען, און נאָכמער, אים אליין...

איז אָבער בערל געווען א פֿעסטער, אַן איינגעשפּאַרטער און האָט געקאָנט צו עפּעס זיך דערשלאָגן, צו וואָס ניט איז דערגרייכן אַפֿילע גאָר אָן אַ וועלכן באַשלוס. אַף זיין פּאָנים האָט זיך באַוויזן אַ קלוגיטשקער שמייכל.



די אָקופּירטע שטאָט איז פֿאַרגאָסן מיט שטרייק. ס'האָבן אָוועקגעלייגט די אַרבעט, און ווי אַ געדיכטעניש אַרויסגעגאָסן אין גאַס, אַרבעטער פֿון עלעקטרישער סטאַנציע, פֿון וואַסער-לייטונג און פֿון אייזנבאַן. אלע ווילע פֿלעגן זיך אין גאַסן ווייזן א נייע גרופּע שוואַרצע, פֿאַרכוישעכטע אַרבעטער, וואָס פֿלעגן אין אייגענער געדיכטעניש זיך שטויסן, אָבער נאָר אַווילע האָט מען זיך געשטויסן און קיין אָרט און ארבעט אין גאַס ניט

געפֿינגען, ביז ס'האָבן זיך באַוויזן, דאָ — פֿון איין זײַט, דאָ — פֿון צווייטער זײַט שטאָט דער יונגער יונג און בערל. איז וואָלט דאָס געווען מיט עטלעכע יאָר צוריק, וואָלטן זיך געפֿונען אַסאַך אַרבעטער באַלאָנים, וואָס וואָלטן אָנגענומען בערלען באַם סאַמע מיט פֿון די הענט און שטאַרק געדריקט זיי, שטאַרק צוגעקוועטשט צו זײַנע אייגענע זײַטן. אין אַזאַ צײַט, ווען אַרבעטער פֿאַרלאָזן אָקאָרשט וואַרשטאַטן און פֿאַבריקלעך און דערוואַרטן אַן אָנגריף, איז זיי גוט געווען, ביז־וואָס, ביז־ווען, פּרובירן די קויכעס אַף בערלס פֿעסטן, קורצן גופֿל. אָבער איצט וואַגט מען ניט. איצט קוקט מען אין זײַנע קליינע, בלאָנקענדיקע שוואַרצע אויגן און יעדער מיינט דערזען וואָס אין זיי.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן גאָר ניט אַזוי לײַכט צו אָרגאַניזירן דעם שטרײַק, און דערהויפּט געבן צו פֿילן זײַן ווירקונג. פֿאַר די לעצטע עטלעכע וואָכן זײַנען אָנגעוואַקסן אַסאַך־אַסאַך פֿאַרשיידענע קליינינטשקע וואַרשטאַטן, וואָס האָבן געטאָן אַ שווערע, אויסבאַהאַלטענע אַרבעט. ס'זײַנען אויסגעוואָקסן אַ היפּש ביסל קליינע, בלאַטיקע פֿאַרבערײַען, וואָס האָבן שטילערהייט געפֿאַרבט אַלטע, גוט אָפּגעטראָגענע שינעלן, הויזן, דעקעס און אַנדערע מיליטערישע זאַכן און קליידונג. אַלץ געפֿאַרבט אין אַ ציווילער פֿאַרב... אַפֿילע די איינציקע פֿון די פֿילע הונדערטער דעקעס, וואָס די קאָמענדאַנטור האָט געצוווּנגען אַ שטאָט און אַ געגנט ברענגען, אַפֿילע די איינציקע פֿון יענע צוריקבאַקומענע דעקעס האָט מען אין פֿאַרבערײַען געוואַשן און געפֿאַרבן אין נײַער פֿאַרב. ס'האָבן צוביסלעך אָנגעפֿאַנגען אַרבעטן שוסטער־וואַרשטאַטן, וואָס האָבן נאָר פֿון יויצע וועגן געהאַלטן אָפֿן וואַרשטאַטל אַ שטיקל נײַע לעדער, אין דער ווירקלעכקײַט האָבן יענע שוסטער געבויגן דעם רוקן און געבראָכן די ניט געוואוינטע פֿינגער אַף פֿעסטע, גראָבע מיליטערישע שניר־שיך און שטיוול.

די אַלע וואַרשטאַטלעך האָט מען אויסזוכן באַדאַרפֿט. איז בערל געלאָפֿן מיט אַ כעוורע אַרבעטער פֿון הויף צו הויף און געהאַט אַ ווילד־אימפּעדיקן פֿאַרלאַנג: אויפֿמונטערן אַ הונגעריק דערשלאָגענעם געגנט, אַראָפּטרייסלען פֿון איר דעם אָקופּאַציע־יאָך און אַרויספֿירן אַף אַ ווינטערדיק־לופֿטיקער גאַס... מער האָט ער איצט נאָרניט געזען.

הײַנט איז שוין בערל געווען ניט נאָר אַ שוסטער, נאָר אויך אַן אַקטיווער מיטגליד פֿון אַ באָלשעוויסטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט און אַ דייע־זאָגער אין שטאָטישן שטרײַק־קאָמיטעט. און דאָך איז טיף אין אים געבליבן שטעקן אַ פֿאַרשייטקײַט פֿון אַ יונגן קרעפֿטיקן שוסטער.

* *
*

אַן אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן אַ טונקעלער, אַ פֿײַכטער און אַ צעשוווּמענער. ווו־ניט־ווו האָט פֿון אַ פֿענצטער אַרויסגעבליכט אַ צעשוווּמענער פֿײַערל, ווי אַ קרענקלעכע פֿאַרגאָסענע אויג, אַ קליין פֿײַערל פֿון אַ גראָבער צעשמאָלצענער דײַטשישער ליכט. און אַף באַנען איז פֿינצטער, בלאָטיק און אַזוי אומהיימלעך געווען, גלײַך די שטיינערנע ווענט וואָלטן לאָשן באַקומען און מיט גרויער־קאַלטער פֿײַכטקײַט געיאָגט, געשטויסן פֿון זיך די פֿילצאָליקע זעלנער־גרופּן, וועלכע האָבן מיט קליינע, אָבער שווערע פּעק אַף דער פּלייצע געאײַלט, געיאָגט צו אַ קאַלטן פֿינצטערן וואַגאָן.

קלענערע און גרעסערע באַלעבאַטים, וואָס האָבן כאַראָשים און יאָרן אַרויסגעקוקט אַף עפּעס אַן ענדע, פֿון מילכאָמע און אָקופּאַציע, האָבן איצט געבראָכן די הענט, געקנאַקט די פֿינגער און קײַן טראָפּן ליכט, קײַן ברעקל אויסגאַנג ניט געזען:

— אַ וועלט גייט אונטער?...

— ווײ, ווײ, מע וועט נאָך דערמאָנען די פֿינצטערע אָקופּאַציע־יאָרן צום גוטן..

— נו, אַ פֿאַרבײַסן... נו, אַ פֿאַרבײַסן!...

געוווּסט האָט מען נאָר, אַז ערגעץ קומען פֿאָר שׂיִטערע פֿאַרזאַמלוּנגען פֿון קרעמער און געדיכטע טומלדיקע פֿאַרזאַמלוּנגען פֿון באַלעבאַטים-האַנטווערקער. דאָרט האָבן אַלע-אַלע גערעט נאָר פֿון יושר און מענטשלעכקייַט. איז דאָס געווען דערפֿאַר, ווייַל בעטעווע זייַנע באַלעבאַטים גוטע, ליבע און יושרדיקע, אָדער, ווייל דאָס ערשטע וואָרט אַף די אַלע פֿאַרזאַמלוּנגען האָט געהאַט דאָקטאָר גאָלדמאַן.

ערגעצווו אַף אַזעלכע באַלעבאַטישע פֿאַרזאַמלוּנגען האָט אַ דאָקטער, מיט איַינגע-האַלטענעם אומרו, באַלעבאַטיש-וויסנשאַפֿטלעך דערוויזן:

— מייַנע הערן! מאַכט איז איבערהויפּט אַ שלעכטע זאַך... מאַכט—פֿאַרדאַרבט אַ מענטשן... ווער רעט פֿון פֿאַרכאַפּן די מאַכט קומט אַוואַדע קייַן גוטס ניט אַרויס... אָט האָבן באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד פֿאַרכאַפּט די מאַכט, איז וואָס האָבן זיי?... קאַדאָכעס האָבן זיי! הונגער האָבן זיי... נאָר דעמאָקראַטיע פֿון גאַנצן פֿאָלק, פֿון דער גאַנצער מענטשהייַט קאָן פֿירן די וועלט צו ציוויליזאַציע און יושער,—האָט ער גערעט ווייך און אויפֿגעבלאָזן און יעדער וואָרט איז בא אים אַרויסגעקומען באהויכט מיט אַ שטילער טיפֿער טפֿילעדיקייַט,—דערפֿאַר דאַרף אונדזער פּראָגראַם זייַן: דעמאָקראַטיע. קעדיי אָבער צייַטווייַליק זייַן פֿאַרזיכערט פֿון באָלשעוויסטישע באַנדעס און פֿון אינערלעכע כוליגאַנעס, מוזן מיר פֿאָדערן אַ נייטראַלע אַרמיי פֿון אַ נייטראַלן לאַנד...

די רעדע האָט מען אויפֿגענומען מיט ווייניק אַפּלאָדיסמענטן, דערפֿאַר מיט גרויס אַכטונג. עפּעס מענטשלעכער און יושרדיקער האָט זיך יעדער באַלעבאַטישער באַלמעלאָכע געפֿילט נאָך דער רעדע.

* * *

דער צווייטער טאָג, ווי אַ שטאָט זינקט אין פֿינצטערניש.

צוויי טעג, ווי אַ שטרייַק-קאָמיטעט פֿירט אונטערהאַנדלוּנגען מיטן לייטענאַנט וועגן גאָרניס אַרויספֿירן און וועגן פֿאַרלאָזן די שטאָט און קאָן זיך צו גאָרניט דעריידן. וואַרטן טויזנטער מענטשן אין זאַל און אין גאַס מיט געשפּאַנטער נייגעריקייַט, וואַרטן אַפֿן יונגן יונג. ער דאַרף דאָס איצט ברענגען אַן אַנטגילטיקע טשווע. איז פֿון גאַנץ גרויסן אוילאָם ווייסט נאָר איין בערל, אַז ניט באַלד וועט זיך דאָס ענדיקן, ניט שוין קומט מען צו אַן אויסגלייַך.

שוין לאַנג, ווי ער האָט אָפּגערעט טרעפֿן זיך מיט איר און אַלץ ניט געטראָפֿן. אָבער איצט האָט ציפּל גענומען אַסאַך-אַסאַך אַרבעטערינס, וואָס האָבן אָנגעפֿילט בונדישע פֿאַריינען און קיכן און אויך געקומען הערן אַ לעצטע ידיע וועגן שטרייַק. איז איצט גוט און ליב געווען בערלען, פֿריידיק ליב די מאַכנעס אַרבעטער, וואָס האָבן מיט געשפּאַנטער נייגעריקייַט דערוואַרט אַן אַנטשיידונג...

ער איז פּאַמעלעך צו און קוים אָנגערירט דעם עלנבויגן פֿון איר האַנט:

— ציפּל?!

איר פּנים האָט זיך עטוואָס צעשפּרייט פֿון אַ גוטן געלעכטער.

— איר זייַט גאָר דאָ?

— איך בין דען ניט קייַן אַרבעטער?...

— געמיינט אַף די פֿאַרהאַנדלוּנגען,—האָט זי זיך אומשולדיק פֿאַרענטפֿערט.

זייַן פּעסט און נידעריק גופֿל האָט זיך אינסטינקטיוו געגעבן אַ וויג צווישן דער געדיכטעניש, די קליינע אויגן האָבן אַ פּינקל געטאָן מיט אַנטשלאָסענער פֿאַרשייטקייַט. נאָר דאָס האָט קיינער ניט באַמערקט. וואָס מען האָט יאָ געזען, איז: אַז בערלס גופֿל האָט זיך ערגעץ געשפּאַרט, געריסן די טונקלקייַט פֿון נאַכט און נעבן אים טראָט אין טראָט איז געגאַנגען אַ גוטע, אויפֿגעלייגטע ציפּל.

## 12

טונקל און צעקראָכן איז דער ווינטער אין שטאָט, אָבער אין די שטאָטישע בערג און טאָלן—שטײַף פֿאַרפֿראָרן. דאָ איז די הויט פֿון די בערג באַצויגן מיט אַ דין-פֿאַרפֿראַנעם אײַז. דאָ איז דאָס ביסל געפֿאַלענער שניי געבליבן ליגן און אַפֿילע פּראָסטיק פֿאַרהאַרטעוועט. און קײַן ווונדער ניט, דאָ איז דאָס איינציקע אָרט, ווו קײַן הויכע, אײַלנדיקע מיליטערישע פֿורן זײַנען ניט געלאָפֿן און ניט צעריבן דעם אַזוי אויך צעקראָכענעם ווינטער.

זיצן זיי אין דער פֿאַרפֿראָרענער שטילקײַט פֿון בערג, אָפּגעזונדערט פֿון שטורעמדיקער שטאָט, זיצן, הערן זיך אײַן און כאַפּן אויף יעדן קלאַנג, וואָס דערטראָגט זיך אַהער און עס דוכט זיי אַפֿילע—זיי האַלטן, און ציילן דעם פּולס פֿון דער צײַט... און אַן אָפּנקײַט קוקט פֿון איר אַרויס. זי לײַכט זיך פּאָשעט דורך און איז נײַגעריק:

—ווען קומען די רויטע?

— איר ווילט דאָך ניט די רויטע... איר האָט דאָך געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיטן דאָקטער וועגן אַ נייטראַלער אַרמיי!...

— ניט ריכטיק! קײַן אָפּמאַך איז ניטאָ און קאָן ניט זײַן. מיר זײַנען פֿאַר אַ נייטראַלער אַרמיי, וואָס זאָל זײַן אויפֿגעשטעלט פֿון עטלעכע נייטראַלע אַרמייען. נאָר דאָס איז די אָפֿיציעלע שטעלונג. איך, פּערזענלעך, בין פֿאַר דער רויטער אַרטיי.

— און קעגן די רויטע?...

— קעגן?!...

— ניט—פֿאַר, איז—אויך קעגן!...

זי האָט אַרויפֿגעלייגט איר ווייכע, פֿולע, גוטע האַנט אים אַפֿן קאָפּ, און איר פּאָנים האָט זיך נאָר מער צעגאָסן פֿון פֿריידיקער אומרו. זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און ניט געזאָגט. דאָס אַלץ, וואָס זיי האָבן גערעט, האָט אים געדוכט, איז גאָרניט און נישט. רייד, סטאַם רייד! איר גוטע האַנט אַף זײַן קאָפּ האָט אויפֿגעדעקט פֿאַר אים אַ באַהאַלטענעם ווינקל פֿון איר האַרצן. איז אליין זעט ער איצט אויס קלענער און אָנגעבלאָזענער, ווי ער איז אין דער ווירקלעכקײַט, אָבער אין אים ברויזט אַ שטורעם. דער פּאָנעם איז אים אויפֿגעבלאָזן, די ליפּן צונויפֿגעדריקט, און דאָס היטל, די גראָע דיקלעכע קעפּקע אַפֿן קאָפּ—אויפֿגעשלאָגן, צי פֿון ווינט, צי פֿון ניטפֿאָרזיכטיקײַט.

אַף איין מאָמענט האָט זי באַהערשט אַן אומרויִקײַט. האָט זי זיך דערשראָקן פֿאַר אים? פֿאַר זיך? זי האָט דאָס קלאָר ניט געוווסט. זי האָט אים אויסגעשטרעקט אַ ליבע, גוטע האַנט און באַרויִקנדיק געבעטן און געוויזן:

— נאָמיר זיצן... אַזוי...

אויפֿהויבן זיך האָט זי שוין אַלציינס ניט געקענט. זי איז געלעגן געפֿאַנגען אין זײַנע פֿעסטע הענט. ציפֿל, ציפֿל! ס'איז באַ איר הײַנט אַ טאָג פֿון הוילער דוכטעניש. זײַנע הענט האַבן זי גאָר ניט פֿעסט געהאַלטן, ער האָט לײַכט און מיט ליבע געגלעט אירע האָר, געקושט דעם עטוואָס ברייטלעכן פּאָנים.

צוריק איז זי געגאַנגען נעבן אים, ווי אַ זײַטיקע. ס'איז איר איבעריק געווען די אַלטע, זאָרגזאַם-אָפּגעהיטע קליידער אַף איר שטאָלצן, ווי שפּילנדיקן גוף, איבעריק די האָר אַפֿן קאָפּ, און אַפֿילע זיך אַליין האָט זי אויסגעזען איבעריק און ניט נויטיק. זי האָט אים אַ האַנט אויסגעשטרעקט און אַוועק.

* *
*

וויפֿל אָרגאַניזאַציעס ס'זײַנען געווען אין שטאָט, אַזויפֿיל איבערעגיסטראַציעס האָבן זיך אָנגעפֿאַנגען. דעם אָנהויב האָט געמאַכט דער רעדנער-באָלשעוויק. פֿאַרמאָגט האָט זײַן אָרגאַניזאַציע סאַכאַקל אַ צענדליק מענטשן, פֿון וועלכע בלויז איינציקע זײַנען געווען ווירקלעכע מיטגלידער. אַ פֿאַרנעם האָט אָבער דער געקומענער אַ גרויסן, גלײַך ווי אין

זײַן אָרגאַניזאַציע וואָלטן געווען אַסאַך־אַסאַך הונדערטער מיטגלידער. ס'איז אַפילע ניט באַוווסט געווען ווער אַף וועמען עס האָט דאָ געווירקט צי די געשעענישן: אַף די פלינקע צעשפרייטע, ווי פליגלען, באַוועגונגען פון רעדנער־באָלשעוויק, אָדער פאַרקערט. געזען האָבן אַלע, ווי אין גרויסן, פאַרוואָרפענעם זאַל זײַנען אויסגעשטעלט אַ היפשע צאָל טיש־לעך און בײַ יעדן טישל—צו צוויי און צו דרײַ מענטשן, וואָס זײַנען אַליין נאָך ניט אלע געווען מיטגלידער און האָבן שוין פאַרשריבן אַנדערע. אַף טירן פון אַרײַן־און־אַרויסגאַנג, אַף הויכע זאַל־ווענט און אַפילע פון אַראָפּגעלאָזענעם בינע־פאָרהאַנג, פון אומעטום האָבן אַראָפּגעקוקט און געבלענדט ניט געוואָינטע בליקן, מיט ניט געוואָינטע פלאַקאַטן־לאָזונגען:

אַ פעסט־דיסציפלינירטע אָרגאַניזאַציע

איז דער נויטיקסטער פאָרבאַדינג פאַר אַ זיכערן זיג!

ר. ק. פ. איז די אײנציקע פאַרטיי,

וואָס דריקט אויס די אינטערעסן פון רעוואָלו־

ציאָנערן פראָלעטאַריאַט!

כאַווײרים און כאַווערטעס,

אַלע אַף דער איבערעגיסטראַציע!

די לאָזונגען־פלאַקאַטן אין טומלדיקער צײַט, אין פאַרוואָרפענעם זאַל, האָבן וועמען פאַרהאַרטעוועט, פאַרפעסטיקט, און וועמען—געשראָקן מיט באַהאַלטענער געפאַר.

---

א. בײלין.

# זיכרוינעס*).

## I. די קינדער-יאָרן.

מען דאַרף װידער אױפֿלעבן דאָס איבערגעלעבטע פֿון דעם דורכגעגאַנגענעם רעװאָלוציאָנערן װעג, טײלן זיך מיט די זיכרוינעס, מיט דער דערפֿאַרונג מיט די אַרבעטער און מיט דעם יונגן דאָר, װאָס װיל און דאַרף האָבן אַ פֿאָרשטעלונג װעגן דעם, װי אַזױ מען האָט מיט 20 יאָר צוריק אונטערערדיש געאַרבעט ניט נאָר אין אַזעלכע גרױסע פֿאַבריק-שטעט, װי פּעטראָגראַד, מאָסקװע, איװאַנאָװאָ-װאָזנעסענסק, װוּ עס איז געװעזן אַ גרױסע קאָמפּאַקטע אַרבעטער-מאַסע אין גרױסע פֿאַבריקן, נאָר אױך, װי אַזױ מע האָט זיך אָרגאַניזירט, געאַרבעט און געקעמפֿט אין די פֿאַרװאָרפֿענע שטעט, שטעטלעך און דערפֿער אין דעם אַזױ גערופֿענעם „תּחום“, װען דער אַרבעטער איז געװען צעװאָרפֿן אין קלײנע װאַרשטאַטן. די רעװאָלוציאָנערע אַרבעטער-באַװעגונג, װעלכע האָט אַרומגעכאַפּט, אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב, באַ א שטאַרקערער אָרגאַניזירטקײט, די פֿאַבריק צענטרען,— האָט זיך דערטראָגן כאָטש אין אַ קלענערן מאַסשטאַב, באַ אַ שװאַכערער אָרגאַניזירטקײט, אָבער באַ אַ געװאַלדיק-געהױבענער שטימונג, צו די פֿאַרװאָרפֿענע קלײנע שטעט און שטעטלעך. װוּ נאָר עס איז געװען אַן אַרבעטער, װאָס איז געװען עקספּלואַטירט—האָט זיך צו אים דערטראָגן די רעװאָלוציאָנערע כװאַליע. די צײַט אַלײן, דער איבערגעפֿולטער בעכער פֿון האַס און צאָרן האָט געשטױסן צו רעװאָלוציאָנערע מאַיסים יעדן אַרבעטער, װאָס האָט בעעמעס געװאָלט אַ בעסערן לעבן פֿאַר דעם גאַנצן אַרבעטער-קלאַס, װוּ ער זאָל זיך ניט געפֿינען. און אָט װעגן דער רעװאָלוציאָנערער באַװעגונג אין די קלענערע שטעט װיל איך דאָ דערצײלן.

דאָס אַלץ, װעגן װאָס איך שרײַב, איז פֿאָרגעקומען מיט מער װי 20 יאָר צוריק אין דער אױעזד-שטאָט מסטיסלאַװ (געװעזענער מאָלעװער גובערניע) און אין די אַרומיקע שטעטלעך און דערפֿער.

דאָס, װאָס איך שרײַב, איז פֿאָרגעקומען אין מסטיסלאַװ, אַן אױעזד-שטאָט אין דער געװעזענער מאָלעװער גובערניע. מײַנע עלטערן און נאָך די עלטער-זײדעס האָבן פֿריער דעם גאַנצן לעבן געװאָינט אין דעם נאָענטן דאָרף לעטשינקע און אַריבערגעפֿאָרן זײַנען זײ אין שטאָט דערפֿאַר, װײַל די צאַרישע רעגירונג האָט זײ פֿון דאָרף אַרױסגעטריבן. די גאַנצע מישפּאָכע—דעם פֿאָטערס ברידער, נאָכן אַריבערפֿאָרן פֿון דאָרף האָבן זיך פֿאַרנומען מיט קאַצאָװעס—זײ זײַנען געװאָרן אַרבעטער-קאַצאָװים. מײַן פֿאָטער, ניט האָבנדיק קײן אַנדער ברײרע, האָט אױך געמוזט װערן אַ קאַצעװ, ער איז אָבער ניט געװען צוגעפּאַסט פֿאַרן דאָזיקן פֿאַך און ס׳איז אים ניט געגאַנגען.

*) מיר גיבן געקירצט אײניקע קאַפּיטלען פֿון דעם כ׳ א. בײלינס זיכרוינעס, װאָס װערן געדרוקט אינגאַנצן אין דעם זאַמלבוך „רױטע בלעטער“, װאָס דער ייִדסעקטאָר פֿון דער װײַסרוסישער אַקאַדעמיע פֿאַרענדיקט ריק ן. מיר װעלן אין די קומענדיקע נומערן געבן נאָך עטלעכע פֿראַגמענטן. די גאַנצע זיכרוינעס גיבן אַ גלענצנדיק, פֿאַרביק בילד פֿון דעם, אין װאָס פֿאַר אַ באַדינגונגען עס איז אױסגעקומען צו לעבן און אַרבעטן אונדזערע צלטערע כאַװײרים.

דִי מוטער האָט דעם גאַנצן לעבן געקרענקט אַף אַ לונגען-פֿעלער. געהײלט האָט זִי זִיך נִיט, װײַל עס האָבן דערצו געפֿעלט מִיטלען, און דאָך, זײַענדִיק אִין אַ שװערער מאַטעריעלער לאַגע, באַ דעם אָרעמען לעבן אִירן, האָט זִי גענומען צו זִיך אַף האָדעװען אַ זװיג-קִינד׳ אַ יאָסעם, באַ װעמען דִי מוטער אִיז געשטאָרבן פֿון קִימפעט. און האָט אִים דערצױגן בִּיז 18 יאָר, געצאָלט פֿאַר אִים לערנגעלט דעם באַלעבאָס, אײזִיק דעם סטאָליער. מִיט דער צײַט אִיז פֿון אִים אַרױס אַ קװאַלִיפִֿיצִירטער אַרבעטער. װעגן דער מוטער װִי װעג, אַ װאָילן, קלוגן און גוטן מענטשן, אִיז באַ מִיר געבלִיבן דער בעסטער און דער טײַערסטער אָנדענק.

## II. מסטִיסלאַװ אִין דער אַרום.

מסטִיסלאַװ, װוּ אִיך האָב פֿאַרבראַכט דִי טעג פֿון מײַן יוגנט, אִיז אַן אַלטע הִיסטאָרִישע שטאָט. מע זאָגט, אַז זִי אִיז געגרִינדעט און אױסגעבױט געװאָרן נאָך אִין 12-טן יאָרהונדערט. אַף געװִיס װײס אִיך עס נִיט צום באַדױערן, בִּין אִיך זײער שװאַך באַקאַנט מִיט דער געשִיכטע, און נאָך װײנִיקער מִיט דער געשִיכטע פֿון אַלטערטִימלעכקײַטן, כ׳װײס נאָר, אַז דִי נאַטור אִין מסטִיסלאַװ אִיז זײער אַ שײנע און אַ רײַכע. דִי קִינסטלעך-געשאַפֿענע, אִין דער צײַט פֿון דער מִילכאָמע מִיט נאַפּאָלעאָנען, בערג און גראָבנס גִיבן צו דער שטאָט אַ באַזונדערן כײן.

מסטִיסלאַװ אַלײן שטײט אַף אַ הױכן אָרט, אַרומגערִינגלט מִיט בערג, װעלדער און װעלדלעך. דורך דער שטאָט גײט דורך דִי קלאָרע װעברא, װעלכע צעטײלט זִיך אִין שטאָט אַף צװײ טײַכן. דִי מערסטע געבײַדעס זײַנען הִילצערנע, מִיט אַ גרױסער צאָל פּרוכט-סעדער. ס׳אִיז פֿאַראַן אױך אַ גרױסער שטאָט-גאָרטן—אַ בולװאַר, ס׳טרעפֿן זִיך אױך נִישקאָשעדִיקע מױערן—צװײ, דרײַ-שטאָקִיקע, באַזונדערס שײן זײַנען דִי געבײַדעס פֿון דער גִימנאַזיע און סעמִינאַריע, באַ דער רעכטער װעברא. אִין דִי סאָסנע-װעלדער זײַנען פֿאַראַן אַסאַך דאַטשעס. יעדן זומער פֿאָרן אִין מסטִיסלאַװ אָן אַסאַך דאַטשנִיקעס. לאַנדװִירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקטן זײַנען דאָ נִיט טײַער, װײַל ס׳אִיז זײ נִיטאָ װוּ צו פֿאַרקױפֿן. דערפֿאַר זײַנען געװען טײַער פֿאַבריק-סכױרעס, װײַל דִי נאָענטסטע אײַזנבאַן-סטאַנציע אִיז פּאָטשִינאָק, 60 װיאָרסט פֿון שטאָט (אִיצטער האָט זִיך אױסגעבױט נאָך אײן אײַזנבאַן-װעג—אָרשע-אוניעטשע). דִי באַפֿעלקערונג פֿון שטאָט מסטִיסלאַװ אִיז באַשטאַנען פֿון אִיבער 10 טױזנט מאַן. דער גרעסטער טײל פֿון דער באַפֿעלקערונג אִיז געװען אַ יִדִישער, אַן ערך אַ 7 טױזנט מאַן.

װִי האָט זִיך פֿאַרטײלט דִי באַפֿעלקערונג פֿון שטאָט? פֿאַרשטײט זִיך, אַז קײַן גענױע יעדִיעס קען אִיך װעגן דעם נִיט געבן. נאָר דאָס, װאָס אִיז פֿאַרבלִיבן אִין זִיקאָרן, שאַפֿט בערעך אַזאַ בִּילד. אַרבעטער זײַנען געװען מִינאַסטאָם (מִיט דִי מִישפּאָכעס) אַ 1000 מאַן. געאַרבעט האָבן זײ דאָסראָװ באַ דִי קוסטאַרעס, װעלכע זײַנען געװען גאַנץ טאקעף און פֿלעגן האַלטן אַ גרױסע צאָל אַרבעטער. באַ סטאָליער האָט געטראָפֿן 10 אַרבעטער באַ אַ באַלעבאָס, באַ שנײַדער אִיז ערטערװײַס געװען אַפִֿילע צו 25 אַרבעטער און אַרבעטערנס א.א.װ.

קוסטאַרעס זײַנען געװען עטלעכע הונדערט און מִיט דִי מִישפּאָכעס אױך אַ מאַן 1000. װִי געזאָגט, האָט אַ באַדײַטנדִיקער טײל פֿון זײ געהאַלטן אַרבעטער, װער מער, װער װײנִיקער. קוסטאַרעס, װאָס זאָלן גאָר קײַן אַרבעטער נִיט האַלטן, זײַנען געװען זײער װײנִיק, קִימאַט װִי געצײלטע. אַגעװ, אִיז דער אַרבעט-לױן געװען זײער אַ קלײנער און האַלטן אַן אַרבעטער האָט דעם קוסטאַר קײַן אִיבערִיקע הױצאָעס נִיט אַרײַנגעטראָגן, דִי פּאַרנאָסע פֿון אִים אִיז װִירער געװען אַ הִיפּשע.

װײַטער אִיז געװען אַ גאַנץ באַדײַטנדִיקע צאָל פּרִיקאַזטשִיקעס, מערסטנטײל אִין דִי קראָמען. עס זײַנען אױך געװען אַבִּיסל אָנגעשטעלטע באַ דִי סאָכרִים, באַ דִי װאַלד-הענד-

לער א. ד. ג. זיי זײַנען שוין אָבער געווען די „אַריסטאָקראַטן“ און האָבן שוין געפֿירט אַ באַלעבאַטישן שטאַט. מיט זיי האָבן מיר קיין מאַגע-אומאַסע ניט געהאַט.

די איבעריקע באַפֿעלקערונג איז באַשטאַנען מערסטנטייל פֿון הענדלער און קרע-מער. נאַטירלעך זײַנען זיי דאָס ראָוו געווען קליינהענדלער און קרעמערלעך. עס האָבן אָבער ניט אויסגעפֿעלט קיין רײַכע, טאַקעפֿע קרעמער און גרויסע סאָכרים, וועלכע האָבן געפֿירט גרויסע געשעפֿטן מיט וואַלד, פֿלאַקס, פענקע א. ד. ג. אָט די לעצטע—די טאַקעפֿע קרעמער און די גרויסע סאָכרים—זיי זײַנען געווען די „פּניי“ פֿון שטאָט, די „שיינע ייִדן“, וועלכע האבן געהאַלטן די שטאָט אין זייערע הענט און זײַנען געווען די קאָהאָלשע רעדלפֿירער.

נאַטירלעך׳ ווי אין אַלע „ייִדישע שטעט“, זײַנען אויך דאָ געווען מעלאַמדים, כאַזאָ-נים, שאַמאָסים׳ שאַדכאָנים, דאַיאָנים, ראַרשאָנים, שאָכטים און איבעריקע קלייקוידעש.

ווי עס איז צו זען, איז די סאָציאַלע דיפֿערענצירונג געווען אַ גאַנץ היפּשע. פֿון איין זײַט—אַ לעפֿיערעך גרויסער (ווי וועדליק פֿאַר אַן אויעזדישער שטאָט אין „טכום“) שיכט געדונגענע אַרבעטער און אָרעמע קוסטאַרן, פֿון דער צווייטער זײַט—דער טאַקעפֿער באַלע-באָס-קוסטאַר, רײַכער קרעמער, סאָכרים און קלייקוידעש.

די חײַסרוסישע באַפֿעלקערונג, „מעשטשאַנעס“, האָט געוואָינט אין די פֿאָרשטעט. די גרונט-פּאַרנאָסע זייערע איז געווען ערדאַרבעט, אַכוץ דעם האָט מען אַביסל צוגעהאַנדלט. האַגאַם לויט דער אָפּשטאַמונג זײַנען זיי געווען ווײַסרוסן, איז אַ גרויסער טייל פֿון זיי געווען רוסיפֿיצירט. דער מער טאַקעפֿער עלעמענט פֿון זיי האָט זיך געשאַדכנט צו די טשינאָווניקעס און זיך געסטאַרעט ווערן שטאָט-מענטשן, זיצן אין אופּראַווע, אין דער שטאָט-דומע א. ד. ג. אַף דעם עלעמענט האָבן זיך די טשינאָווניקעס געשטיצט.

די דאָרפֿישע באַפֿעלקערונג זײַנען ווײַסרוסן, ריידן ווײַסרוסיש און באַשעפֿטיקן זיך אויסשליסלעך מיט ערדאַרבעט. די ערד אין מסטיסלאווער אויעזד איז אַ גוטע. צווישן די פּויערים איז פֿאַראַן אַ גאַנץ היפּשע צאָל שליאַכטעס. דער דאָרף אַרום מסטיסלאוו צייכנט זיך אויס מיט קוסטאַרישע אַרבעט: טעפּער, רעדער-מאַכער, באָנדערס, רימערס, שטריקמאַ-כער, וואַליקעס-מאַכער, סטאָליער, ציגל-מאַכער, סמאָלאָקורעס, עס איז פֿאַרשפּרייט וואָל-אויס-אַרבעטונג (וואָלנאָטשאָסקע), אויסאַרבעטונג פֿון לעדער א. א. וו. די קוסטאַרישע אויס-אַרבעטונגען האָבן געהאַט אַ שעם מיט זייערע מאילעס ניט נאָר אין מאָלעווער גובערניע, נאָר אויך אין די איבעריקע גובערניעס פֿון רוסלאַנד. אין מסטיסלאָווער אויעזד זײַנען אויך פֿאַראַן אַ היפּשע צאָל ייִדישע דערפֿער—מאָרצונאָווקע, אַנטאָנאָווקע א. א. וו.

מערסטנס פֿלעגן די דאָרפֿישע קוסטאַרעס פֿאַרקויפֿן זייער פּראָדוקציע דורך די שטאָטישע קרעמער, מיט וועלכע זיי האָבן געהאַנדלט אין אַ מעשעך פֿון צענדליקער יאָרן. די קרעמער פֿלעגן אַרויסגעבן די קוסטאַרעס אַוואַנסן אַף דער אַרבעט און דאָס האָט פֿאַר-לײַכמערט די אַנטוויקלונג פֿון דער האַנטווערקערײַ. נאַטירלעך האָט דער קרעמער דערצו ניט דערלייגט, און די אַוואַנסן האָבן אים געגעבן אַ מעגלעכקײַט אַרײַנצונעמען דעם קוסטאַר אין זײַנע הענט. דער דאָרפֿישער קוסטאַר, ווידער, איז דערצו געווען געצוווּנגען, ווײַל אַף אַן אַנדער אויפֿן האָט ער קיין קרעדיט ניט געקענט באַקומען: די מעלוכע האָט ניט געגעבן קיין קרעדיטן די קוסטאַרן און קיין אַנדער הילף אויך ניט. די שטאָטישע קוסטארן האָבן אויך געמוזט אַרבעטן אַפֿן קרעמער. די געשעפֿטן פֿלעגן געמאַכט ווערן אָן קאָנטראַקטן און אָן אַ נאָטאַריוס, פּאָשעט אַפֿן וואָרט.

מסטיסלאווער אויעזד מיט זײַנע שטעטלעך כיסלאַוויטש, שאַמאָוו, קריטשעוו, פּעטראָ-וויטש און טאַטאַרסק צײכנט זיך אויס מיט זײַנע גרויסע יאַרידן, וועלכע קומען פֿאָר עטלעכע מאָל אין יאָר. אַף די דאָזיקע יאַרידן פֿלעגן אָנפֿאָרן הענדלער און סאָכרים פֿון פֿאַרשיידענע רוסישע גובערניעס און אַפֿילע פֿון אויסלאַנד, קעדיי אײַנצוקויפֿן די קוסטאַרישע אויסאַרבעטונגען און לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקטן—בעהיימעס, פֿערד און כאַזיירים.

די קוסטאַרערײַ האָט אסאך מיטגעהאָלפֿן דער דאָרפֿישער ווירטשאַפֿט און האָט אָפּגעשוואַכט די אַרבעטלאָזיקײַט אין דאָרף. גלײַכצײַטיק האָבן עקזיסטירט און געלעבט אַרום דעם פויערישן קוסטאַר קלײנע שטעטלדיקע קרעמלעך.

אין מסטיסלאַוועך אויעזד זײַנען געווען אַסאַך גרויסע הויפֿן, וואָס האָבן געהערט פּריצים און אַרענדאַטאָרן. די פויערים האָבן פֿון די פּריצים אַסאַך געליטן. די „ערד-אײַנאָרדענונג" איז געווען אײַנגעפֿירט אַזוי, אַז דער פויער האָט ניט געקענט זיך אַ קער טאָן, דער וויהאָן, די פּאַשע און לאָנקעס האָט געהערט צום פּאָרעץ, און דער פויער האָט ניט געהאַט ווו צו לאָזן די בעהיימע. פֿאַר פּאַשע און לאָנקע, פֿאַר דעם, וואָס דער פּאָרעץ פֿלעגט דערלויבן דעם פויער אַרויסלאָזן די בעהיימע אַף דער לאָנקע, פֿלעגט דער פויער דאַרפֿן אָפּאַרבעטן פֿאַרן פּאָרעץ. אים פֿלעגט אויסקומען צו האָרעווען מער אַף די פּריצים, ווי אַף דער אײגענער ווירטשאַפֿט. כוץ דעם, וואָס דעם אַרבעטנדיקן פויערטום איז אויסגעקומען שטענדיק זײַן אין פֿאַרקנעכטשאַפֿט בײַ דעם פּאָריץ און באַלעגוף און אומזיסט אַרבעטן פֿאַר זײ, האָט אויך דער אינווייניקסטער צושטאַנד פֿון דאָרף מיט דער הערשנדיקער פֿאָרמע—„ערד-געזעל-שאַפֿט" און „קעגנזײַטיקע פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט" („קרוגאוואיא-פארוקא") געשטערט דעם אַרבעטנדיקן פויערטום אַרויסצוקריכן פֿון דער קלעם. דורך דעם צאַריזם באַרעכטיקטע פֿאָרמע פֿון פֿאַרקנעכטן דאָס פויערטום האָט געשאַפֿן אַ גרויזאַמע אַרבעטלאָזיקײַט אין דאָרף און האָט ניט דערלאָזן דעם פויערטום קײן מעגלעכקײַט איבערצוּוואַנדערן אין אַנדערע ערטער און אַריבערגײן פֿון אַ דרײַ-פֿעלדער-סיסטעם צו אַ פֿיל-פֿעלדיקער, קעדיי צו פֿאַר-גרעסערן דערמיט די גערעטעניש און האָכנאָסע פֿון דער ווירטשאַפֿט. אָט די פּאָליטיק האָט דעם פויער געפּענטעט די הענט און פֿיס.

ניט בעסער, און ערטערווײַס ערגער, איז געווען די לאַגע פֿון שטעטל. דער גרעס-טער טייל פֿון די שטעטלעך נאָך אַ ריי פּראָצעסן, צוגעמישפּעט געוואָרן די פּריצים, אַזוי, אַז צו אַלע צאָרעס פֿון שטעטל איז צוגעקומען אַ נײַע: פֿאַר די ערד, אַף וועלכער עס איז געשטאַנען די הויז, אָדער הײַזל פֿלעגט מען דאַרפֿן צאָלן צינזן. אַז אַן אָרעמאַן פֿלעגט דעם צינז ניט קענען צאָלן צו דער צײַט, פֿלעגט מען אים אַרויסטרײַבן פֿון שטיבל און אַרויסשיקן פֿון שטעטל. אָפֿט פֿלעגט דער פּאָרעץ זיך אָנזעצן אַף אַן אײַנוואוינער און בוכשטעבלעך רוינירן אים צוליב אַ מעסירע, ווייניק קאָוועד אָפּגעגעבן א. ד. ג. דער פּאָרעץ פֿלעגט אויך זיך פֿאַרנעמען מיט „אַדמיניסטראַטיווער טעטיקײַט" און אַרויסגעבן פֿאַרשײדענע באַפֿעלן. אַזוי געדענק איך, ווי דער קאַדינער פּאָרעץ האַלינסקי האָט אַרויסגע-געבן אַ באַפֿעל, אַז אין שטעטל טאָר מען ווײַטער קײן ציגן ניט האַלטן. אַפּאָנים, דעם פּאָרעץ איז ניט געפֿעלן געוואָרן, וואָס די ציגן שפּאַצירן זיך אַרום ראַכוועסדיק איבערן שטעטל. ניט אײן אָרעמאַן האָט די לעצטע ציג פֿאַרקויפֿט און זײַנע קינדער זײַנען אָן דעם לעצטן ביסל מילך געבליבן...

אין אײעזד האָבן זיך געפֿונען דרײַ גרויסע מאנאסטירן: טופּיטשינסקער, מאזאלאווער און פוסטינקער. טופּיטשינסקער האָט זיך געפֿונען אין שטאָט גופֿע. אין יענע יאָרן האָבן דידאָזיקע מאנאסטירן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין קאַמף מיטן קאַטאָליציזם. געזיגט האָבן, פֿאַרשטייט זיך, די פּראַוואָסלאַוונע מאָנאַסטירן. וועלכע זײַנען געווען רײַכער און שטאַרקער פֿון די קאַטוילישע און זײַנען געווען אונטערגעשטיצט פֿון דער רעגירונג. אין די יאָרן 5—1900 האָבן די מאָנאַסטירן אָנגעהויבן צו פֿאַרלירן זײער אַוטאָריטעט. אײנער אַ מסטיסלאַווער גאַלעך פֿון דעם טופּיטשינסקער מאָנאַסטיר האָט גענומען אויסזאָגן פֿאַר מאנאַשקעס מאַיסעס פֿון כײדער, ער האָט אַנטדעקט זײער מיעסע געהיימניסן פֿון שטאָטישן טופּיטשינסקער מאָנאַסטיר: מיעסער זנוס, שיקרעס און רעציכע, די מאָנאַשקעס צוזאַמען מיט דער „איגו-מעניע" האַרגענען זײערע „אומגעזעצלעכע" קינדער א. ד. ג.

דיזעלביקע מאַיסעס האָט מען דערצײלט וועגן אַ צווייטן, מאַזאָלאָווער, מאָנאַסטיר, מיט וועלכן ס'האָט אָנגעפֿירט די באַוווסטע הײליקע „מוטער" אַנטאָניע. בײַ איר פֿלעגט

זײַן אַ שטענדיקער גאַסט דער פּאָליצײ-אויפזעער יאַנאָווסקי, אַ שיקער, אַ נויעף. עס זײַנען געווען אָפטע פאַלן, ווען די מאָנאַכן פון פוסטינקער מאָנאַסטיר פלעגן מעאַנעס זײַן די פרומע מײדלעך, וואָס פלעגן פאַר עטלעכע הונדערט וויאָרסט אוילע רעגל זײַן צום „הײליקן אָרט״ טפילע טאָן און ברענגען מאַטאָנעס דעם מאָנאַסטיר. אַזוי איז באַוווּסט דער פּראָצעס איבער די מאָנאַכן און דעם זון פון פאָרעץ פילימאָן, פאַר פאַרגוואַלטיקן אַ 17 יאָריקע פויערטע, וואָס איז געקומען טפילע טאָן אין מאָנאַסטיר „סוויאטאי פוסטינאק״ אַזש פון טשערניגאָווער גובערניע. נאָכן פאַרגוואַלטיקן האָט מען דאָס מײדל דערשטיקט און דערטרונקען אין אַ סאַזשלקע. דאָס אַלץ איז אַנטדעקט געוואָרן. דידאָזיקע „מאיסים טויוויִם״ פון די הײליקע מאָנאכן און מאָנאַשקעס האָבן געעפנט די אויגן דער פויערישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט פריער שטאַרק עמונע געהאַט אין די מאָנאַסטירן און געטראָגן אַהין מאַטאָנעס: לײַוונט, וואַקס און מעזומענע געלט. די מאָנאַסטירן האָבן פאַרלאָרן זײער אַווטאָריטעט.

די פּראָוואָסלאַוונע קלײקוידעש און די העכערע קירכע-באַאַמטע האָבן זיך געסטאַרעט ראַטעווען די לאַגע: מע האָט זיך געסטאַרעט פאַרשמירן די געשיכטע און אײַנהאַלטן דעם קאָוועד פון די מאָנאַסטירן. זײ האָבן אַראָפּגעשיקט אַ קאָמיסיע, געמאַכט רעוויזיעס און איבערגעוואָרפן אַ טײל מאָנאַשקעס און „הײליקע מוטערס״ אין אַנדערע מאָנאַסטירן...

---

ניט בעסער זײַנען געווען די ייִדישע קלײקוידעש. נאָכן טויט פון אַלטן מסטיסלאַווער ראָוו, רעב הילעל, האָט די ייִדישע קעהילע געשיקט אַ גאַנצע דעלעגאַציע צום ליבאַוויטשער „רעבן״, ער זאָל עמיצן שיקן פאַרנעמען דעם קיסע האַראַבאָנעס אין שטאָט. די שטאָטישע קלײנע קרעמער בעראָש מיט די שנײַדער יודע דעם האָרב, בערע פעסין און דאָוויד באַכראַך—סטאָליער, וועלכע האָבן געהאַלטן גרויסע וואַרשטאַטן, האָבן אײַנגעלאַדן צו זיך אַן אַנדער ראָוו. אַף אַזאַ אויפן האָט שוין מסטיסלאַוו באַקומען 2 ראַבאָנים: פון די „פּנײ״—דער „געלער״ און פון „האמוין״—דער „שוואַרצער״. גערופן האָט מען זײ אַזוי דערפאַר, ווײַל בײַ אײנעם איז געווען אַ לאַנגע געלע באָרד, און בײַם צווײטן ניט קײן קלענערע שוואַרצער קאָלטן. צווישן דידאָזיקע ראַבאָנים איז פאָרגעקומען אַן אײביקע מאַכלויקעס, אַ מין „קלאַסנקאַמף״, אין וועלכער ס'זײַנע אַרײַנגעצויגן געוואָרן גרויסע גרופּעס פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. דער קאַמף איז געווען אַ גאַנץ ברענענדיקער; אײן צאַד האָט באָיקאָטירט דעם צווײטן. אין בעסמעדרעש פלעגן שטענדיק פאָרקומען קריגערײַען און געשלעגן. אָפט פלעגט זיך אַרײַנמישן אַפילע די פּאָליצײ, וועלכע האָט געוויינטלעך פאַרטײדיקט דעם אַריסטאָקראַטישן ראָוו, ניט פאַרפאָלגנדיק, פאַרשטײט זיך, גאָר שטאַרק אויך דעם „שוואַרצן״. נאָר דער „האַמוין״ האָט ניט נאָכגעגעבן. די שטאָט און אירע אַרומיקע שטעטלעך האָבן זיך צעשפּאָלטן אַף צוויי פײַנטלעכע צדאָדים. מע פלעגט גײן איבער די הײַזער פירן אַן אַגיטאַציע, קלײַבן געלט. ס'פלעגן אײַנגעאָרדנט ווערן געהיימע באַראַטונגען, זיצונגען, ס'פלעגן געמאַכט ווערן פאַרשווערונגען, ביז צום לעצטן האָט געזיגט דער „שוואַרצער״. דער „קאַמף״ האָט געדויערט אײניקע יאָר, ביזן רעכטן 5-טן יאָר.

## III. בּאַ דער אַרבּעט.

איך בין אַלט געווען 14 יאָר, ווען איך בין אָנגעקומען פאַר אַ לערנייִנגל צו אײַזיק דעם סטאָליער. דער וואַרשטאַט, ווו ס'האָבן געאַרבעט אַ 10-12 אַרבעטער, האָט זיך געפונען אַף דער שול-גאַס, וואָס געפינט זיך צווישן דעם קאָהעלשן בעסמעדרעש און דער באָד. אײַזיקס וואַרשטאַט האָט זיך ווי אײַנגעלעבט מיט דידאָזיקע צוויי „אַנשטאַלטן״: דערזעלביקער איפעש ווי אין באָד און בעסמעדרעש, דערזעלביקער ליאַרעם, דיזעלביקע זילזולים און געשרײען.

זעלטן, ווען מע קען הערן אַ גוט וואָרט פֿון אײַזיקן. מע ווענדעט זיך צו אים, ווען ס'איז שוין לעצט ברײרע, און אויך דעמאָלט ענטפֿערט ער ניט גלײַך, פונקט ווי ער וואָלט באָרניט געהערט, און אַז ער ענטפֿערט שוין יאָ, זידלט ער אָפּ...

— אַ שוואַרץ יאָר אף דיר, וואָס ווילסטו?

שטענדיק אַן אָנגעבלאָזענער, גייט ער אום איבערן וואַרשטאַט, בורטשעט און שרײַט, אז אַלע שטעלן אים בעדאַלעס. איך געדענק ניט דעם פֿאַל, אַז ער זאָל ריידן צו עמיצן ווי אַ מענטש. עס פֿלעגט אָפּט טרעפֿן, ער פֿלעגט אונטערגיין צו אַן אַרבעטער, אַנשטעלן אַף אים אַ פּאָר „קוקערס” און נעמען גוואַלדעווען.

— קוק מיר גלײַך אין די אויגן, די נעשאָמע פֿון דיר, כ'וויל וויסן, ביסט אַ „דעמאָקראַט” אָדער ניט?

די ברילן פֿלעגן באַ אים שטענדיק זײַן אַפֿן שפּיץ נאָז, צוגעבונדן אַרום קאָפּ מיט פֿאָדעם. אין וואַרשטאַט פֿלעגט ער גיין אָן אַ קאַפּאָטע, מיט לאַנגע ציצעס, אַן אַלטע פֿאַרשמאָלצענע יאַרמלקע אַפֿן קאָפּ און אין אַ פֿאַרשמאָלצענער זשילעטקע, פֿון טאַבעק שמעקן זײַנען באַ אים די וואָנצעס געווען גרין. איז אָט, אויב דער אַרבעטער פֿלעגט ניט אויסהאַלטן זײַן בליק, פֿלעגט ער זיך פֿאַנאַנדערשרײַען:

— ביסט אַ דעמאָקראַט, קענסט אַן ערלעכן מענטשן אין די אויגן ניט קוקן, „טראַסצע טוואָיעי מאַטערי”, אין ד'רערד דיר אַן אָרט, און ניט אין מײַן וואַרשטאַט. מײַן בלוט זויגט איר... בלוטזויגער...

שאַבעס פֿלעגט ער ליב האָבן צו דאַוונען באַם אָמעד און ער האָט זיך שטענדיק באַרימט, אַז בעסער פֿאַר אים דאַוונט קיינער ניט. אַ גרויסער באַלן איז ער אויך געווען אַף שלישי און שישי, און ווײַ איז געווען ניט נאָר צו אונדז—די אַרבעטער, אַפֿילע צו דער ווײַב און די טעכטער זײַנע, אויב מע פֿלעגט באַ אים אויסכאַפּן דעם אָמעד, אָדער אויסדינגען דעם שלישי און שישי. דעמאָלט איז באַ אונדז געווען אַן עמעסער גענעם.

אָנגעשטרענגט איז געווען די לאַגע אין וואַרשטאַט אויך דעמאָלט, ווען פונקט אַף צולאָכעס פֿלעגט איבערגיין אַביסל צײַט און קיינער אין שטאָט פֿלעגט ניט שטאַרבן. ער איז געווען אַ גאַנצער מאַכער אין דער כעווורע-קאַדישע, אַ „נושא” און זײַן כיעס איז געווען לעוואַיעס. אַז קיין לעוואַיעס איז שוין אַ היפּשע צײַט ניט געווען—פֿלעגט ער זײַן אויס מענטש. ער פֿלעגט בענקען נאָך אַ לעוואַיע און קיין אָרט זיך ניט געפֿינען, ניט עסן און ניט טרינקען, און ניט שלאָפֿן...

פֿלעגט זיך מאַכן אַ לעוואַיע, און דערהויפּט אין אַזאַ אָרט, ווו מע קאָן עפּעס נאַשן, פֿלעגט אײַזיק ווערן גאָר אַן אַנדער מענטש. ער פֿלעגט ארײַנגיסן און אויך נויטן אונדז, אַז מיר זאָלן טרינקען. פֿון גרויס פֿאַרגעניגן פֿלעגט ער אונדז הייסן זיך לאָזן מיט אים אין אַ טענצל. ער פֿלעגט דעמאָלט שיקערערהייט טאַינען:

— גאָט דאַרפֿט איר בעטן פֿאַר אײַזיקן, אַזאַ באַלעבאָס דאַרף מען באַטאָג מיט אַ ליכט זוכן.

ער פֿלעגט וואַרפֿן געלט אַפֿן פּאָדלאָגע און שרײַען:

— עי, דעמאָקראַט, גיי ברענג בראַנפֿן. איך לאַך פֿון „דאָוויד דעם פֿישער” (אַ רײַכער מסטיסלאַווער מעבל-סטאָליער). איך לאַך פֿון מוישע לעוויטין (לעוויטין פֿלעגט מאַכן מאַציייוועס און פֿלעגט קאָנקורירן מיט אײַזיקן פֿאַ'ין אָמעד) און פֿון שאַ-אַלאָוון דעם „מאָדניק”. שיקערערהייט פֿלעגט ער זיך באַ ימען, אַז ער וועט קויפֿן אַן אָרט אין מיורעך א. אַ. וו. ער האָט געהערט צו אַסאַך כעווירעס: כעוורע טיליס, כעוורע מישנאַיעס, כעוורע קאַדישע. און אַז אַמאָל האָט זיך געטראָפֿן, אַז ער האָט באַקומען אַ העכערן „טשין” און איז אין דער „קאַלפֿע” אויסגעקליבן געוואָרן פֿאַר אַ גאַבע אין איינע פֿון דיזראָזיקע כעוורעס, האָט ער אַ לאַנגע צײַט געהאַלטן אין איין טאַינען:

— איר ווייסט ווער כ'בּין? כ'בּין ניט קיין פּראָסטער סטאָליער, ווי איר האַלט מיך...

באַזונדערס אופגעלעבט איז אײַזיק דער סטאָליער געווען סימכאַסטוירע. ער פלעגט אָנטאָן אַ גרויסע שטרויענע הוט מיט לאַנגע געגרוזענע פעדער, דעם פּאָנעם אויסשמירן מיט סאַזשע, צום הוט צוטשפּען אַ לאַנגן, קלאַפּטערדיקן עק פון ראָגאָזשע, אָנשטאָט אַ קאַפּאָטע, אויספוצן זיך אין אַ זאַק, אַף איין פוס אַ וואָליק, אַף דעם אַנדערן אַ שוך, אַ שיקערער פלעגט ער אַזוי גיין צו די יידן אַף קיבעד. נאָך אים פלעגן נאָכלויפן גאַנצע מאַכנעס יינגלעך און אײַזיק פלעגט זינגען „שישו ושמחו בשמחת תורה“.

ער פלעגט צושטיין צו די פאַרבייגייער, וועלכע פלעגן זיך פון אים ניט קענען אָפּטשעפּען און מוזן אײַנלאַדן צו זיך אַף קיבעד.

זײַן באַציִונג צו זײַן הויזגעזינד איז אויך ניט געווען קיין נאָרמאַלע. ער האָט זייער ליב געהאַט גרויסע כאַלעס אַף שאַבעס, און אויב ס'פלעגט טרעפן אַן אומגליק, די כאַלעס פלעגן ניט זײַן געראָטן, איז שוין דער ווײַב געווען אַז אָך און ויי... יענעם שאַבעס פלעגט ער שוין ניט זינגען קיין זמירעס. אַ סימען, אַז בײַ אײַזיקן איז עפּעס אַ צאָרע, ווײַל אין אַלגעמיין האָט ער זייער ליב געהאַט זינגען זמירעס, ער פלעגט זיי זינגען בײַ אַן אָפענעם פענצטער און די ווײַב און די טעכטער האָבן אים געמוזט צוהעלפן.

אויב מיר, די לערנייִנגלעך, האָבן געהאַט צאָרעס פון באַלעבאָס, האָבן מיר נאָך גרעסערע געהאַט פון דער באַלעבאָסטע. לערנייִנגלעך זײַנען בײַ אײַזיקן געווען צוויי, און מיר האָבן געדאַרפט גיין מיט דער באַלעבאָסטע אין מאַרק אונטערטראָגן איר דעם קאָשעק. זי האָט געהאַט אַ טעווע אײַנרייפן וואָס מער און האָט געזוכט מעציִעס. קיין שטענדיקע קראָמען האָט זי ניט געהאַט, און זי פלעגט אַרומגיין אַלע יאַטקעס און קראָמען זען ווו עס איז וועלוועלער. די קרעמער פלעגן איר שוין עקסטרע צוגרייטן אַלטע, פאַרלעגערטע פּראָדוקטן, ניט גאָר קיין פרישע פלייש, אַבי אַ מעציִע.

זי האָט שטענדיק געהאַלטן אין איין קלאָגן און שילטן זיך. אין פּראַט פון קלאָלעס איז זי מאַמעש געווען אַ קינסטלערן, און זי האָט זיי געהאַט זייער אַסאַך. ווי אַ מעכאַשייפע פלעגט זי אַרומגיין איבער די צימערן און שילטן די אַרבעטער, אַז זיי גאַנווענען בײַ איר פּראָדוקטן:

— איך קען קיין זאַך ניט באַהאַלטן, אַלץ פרעסט איר בײַ מיר אויף, זאָל זיי אַ בראַנד פײַער אַרײַן אין די קאַלטע קישקעס. זאָל זיי דער גרויסער שטאַרקער גאָט קיינמאָל ניט העלפן. א כאָלעריע זיי אין בויך, זאָל בײַ זיי פּלאַצן דער טריבוך. זאָל פון מײַנע „בלוטיקע“ עסנוואַרג, אויסוואַקסן בײַ זיי אין בויך שטיינער און שלאַנגען.

אַלע קלאָלעס קען מען ניט אויסרעכענען. ס'וואָלט פאַרנומען צופיל צײַט און אָרט. די געבראַכטע מוסטערן זײַנען נאָך ווײַט ניט די בעסטע.

אין וואַרשטאַט פלעגט די באַלעבאָסטע זעלטן אַרײַנקומען. די אַרבעטער האָבן זי פײַנט געהאַט און זי האָט פאַר זיי געציטערט. מע האָט מיר דערציילט. אַז נאָך פאַר מײַן אָנקומען האָט איר איינער אַן אַרבעטער — אָנופרי „געבענטשט“ מיט אַ קלעצל נידעריקער פון פלייצע פאַר אירע טאַ־נעס, אַז מע גאַנוועט בײַ איר, אַז זי קען גאָר־ניט באַהאַלטן, אַז אָט האָט זי אויסגעבאַקט ברויט און „באַקט שוין ווידער, זאָל זיי באַקן אין האַרצן“.

אינדערעמעסן האָט זיך קיינער קיינמאָל ניט צוגעריִרט צו איר עסן. יעדערער פלעגט ברענגען מיט זיך אַ פּאָר קאַרטאָפל, אַ שטיקל ברויט, נאָר זי האָט געהאַט אַזאַ נאַטור, זי האָט זיך גאָרניט געקענט פאָרשטעלן, אַז די אַרבעטער קאָרמענען זיך, פאַרקערט, זי האָט גערעכנט, אַז זי מאַכט די אַרבעטער גליקלעך.

די לאַגע איז געווען אַ שווערע אין אלע הינזיכטן. דערנידעריקונג, זילזולים, קלאָלעס. נאָר מע האָט געדאַרפט לערנען אַ מעלאָכע און אין אנדערע וואַרשטאַטן איז געווען ניט בעסער.

פֿרײַטיק 12 אַזײגער באַטאָג פֿלעגן די לערנײַנגלעך צוקלײַבן די געצײַג, אַרויסטראָגן די סטרוזשקעס און אויסוואַשן די פּאָדלאָגע. אַזײגער 2-3 פֿלעגט אונדז אײַזיק נעמען אין באָד. מיט זיך פֿלעגן מיר נעמען 2 בעזימער מיט 2 וויכרעטשעס פֿון ראָגאָזשע. דער באַלעבאָס פֿלעגט פֿאַר אונדז באַצאָלן די מערכעץ-געלט, צוויי קאָפּיקעס פֿון אַ מענטשן. אונדזער אַרבעט אין באָד איז געווען אַזאַ: אײנער האָט אים געדאַרפֿט אויסטאָן, דער צווייטער האָט אים געדאַרפֿט אויפֿקלײַבן אַ האַלבע טוץ שעפֿעלעך אַף צו וואַשן זיך, אײַזיק האָט אַלץ ליב געהאַט מיט דער ברייטער האַנט... ער האָט ליב געהאַט צו פּאַרען זיך, בעזעמען זיך, ער פֿלעגט אָפּליגן אַף דער אויבערשטער באַנק צו צוויי שאָ נאָכאַנאַנד. ער פֿלעגט דערלאַנגען אַזויפֿל פּאַרע, אַז אַלע פֿלעגן זיך צעלויפֿן. פֿאַר אים איז עס אָבער געווען נאָך ווייניק, ער פֿלעגט ליגן און זידלען זיך:

— פֿון מײַנע הענט וועט איר ניט אַרויס, אײַזיק וועט אײַך אַלעמען מעקאַבר זײַן ניט אומזיסט איז ער געווען אין כעוורע קאַדישע.

אַז מיר פֿלעגן ניט דערווײַזן צו אונטערטראָגן אים אַזוי פֿלינק וואַסער, פֿלעגט ער שרײַען און זיך זידלען, אַז ער איז פֿאַר אונדז ווי אַ טאַטע, און מיר זײַנען אים ניט דאַנקבאַר.

איינמאָל האָט געטראָפֿן אַזאַ צופֿאַל: אין רעכטן פּאַרען זיך, ווען אײַזיק איז געלעגן אַפֿן אויבערשטן באַנק, האָט זיך צו אים צוגעגאַנוועט דער שוסטער מאַפּלין און אָפּגעגאָסן מיט אַ שעפֿל קאַלטע וואַסער. ס'איז שווער איבערצוגעבן וואָס ס'איז דעמאָלט פֿאַרגעקומען. אײַזיק איז ווי אַ מעשוגענער אַראָפּגעשפּרונגען פֿון באַנק, אַ צעפּאַרעטער, אַ רויטער, ארומגעקלעפּט מיט בעזעם-בלעטלעך, די בעזימער אין ביידע הענט.

— ווו איז דער גאַזלען, דער פּאַרך. כ'וועל אים האַרגענען, כ'וועל אים באַגראָבן.

קיינער אָבער האָט ניט ארויסגעגעבן דעם שולדיקן, פּאַרקערט, אַלע זײַנען נאָך געווען צעפֿרידן און האָבן אונטערגעשמייכלט. דערווײַל האָבן אַנדערע געקאָנט צוקומען צו דעם אויבערשטן באַנק.

נאָך דעם ערשטן אַקט פֿון פּאַרען זיך, פֿלעגט זיך אָנהויבן דער צווייטער. ער פֿלעגט זיך לייגן אַפֿן פּאָדלאָגע—די באַנק איז „צו שמאָל"—און צווייען פֿון אונדז מיט וויכרעטשעס פֿון ראָגאָזשע האָבן אים געדאַרפֿט אָנזייפֿן און וואַשן.

די ראָזיקע פּראָצעדור פֿלעגט אויך באַגלייט ווערן מיט זידלערײַען און סטוסאַקעס. ער פֿלעגט אַלץ טאַינען, אַז מיר דאַרפֿן אים זײַן דאַנקבאַר, אַז ווען ניט ער, וואָלטן מיר געווען ליידיקגייער, טויגעניכצן, און אַז ער מאַכט אונדז פֿאַר מענטשן.

ד. רובינשטיין.

# די גרונט-יעסוידעס פֿון רעכטן אָפּנויג אין קאָמינטערן.

„דער זיג פֿון רעכטן אָפּנויג אין די קאָמפּאַרטייען פֿון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער וואָלט באַדײַט אַן אידעיִשע פּאָגראָמירונג פֿון די קאָמפּאַרטייען און א קאָלאָסאַלע פֿאַרשטאַרקונג פֿון סאָציאַל-דעמאָקראַטיזם. וואָס איז אזוינס קאָלאָסאַלער פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער ס.-ד.? דאָס איז א פֿאַרשטאַרקונג און פֿאַרפֿעסטיקונג פֿון קאַפּיטאַליזם, ווײַל די ס.-ד. איז דער הויפּט-אָנשפּאַר פֿון קאַפּיטאַליזם אין די רייען פֿון ארבעטער-קלאַס. הייסט עס, אז דער ניצאָכן פֿון רעכטן אָפּנויג אין די קאָמפּאַרטייען פֿון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער פֿירט צום אָנוווּקס פֿון די באַדינגונגען, וועלכע זײַנען נויטיק פֿאַר אײַנהאַלטן דעם קאַפּיטאַליזם“ (פֿון כ׳ סטאַלינס לעצטע רעדע אפֿן פּרעזידיום פֿון קאָמינטערן).

דער רעכטער אָפּנויג און די טאָלעראַנטע באַציִונג צו אים איז כאַראַקטעריסטיש ניט נאָר פֿאַר דעם פּעריאָד, וועלכן מיר לעבן איצט איבער אין דער אַל.ק.פּ.(ב). דער זעקסטער קאָנגרעס פֿון קאָמינטערן האָט מיט דער גאַנצער שאַרפֿקייט אונטערגעשטראָכן, אַז די הויפּט-געפֿאַר אין „דריטן פּעריאָד“ פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע אין אַלע קאָמוניסטישע פּאַרטייען—איז דער רעכטער אָפּנויג.

די צענטראַלע פֿראַגע, וועלכע האָט אַרויסגערופֿן די כעלוקע-דייעס צווישן די באַשלוסן פֿון 6-טן קאָנגרעס פֿון קאָמינטערן און די רעכטע עלעמענטן איז די פֿראַגע וועגן כאַראַקטער פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע. פֿון איר לעזונג איז אָפּהענגיק די רעאַליזירונג פֿון די וויכטיקסטע אויפֿגאַבן פֿון די קאָמוניסטישע פּאַרטייען. דער 6-טער קאָנגרעס פֿון קאָמינטערן האָט אָנגעוויזן, אַז דער 3-טער פּעריאָד פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע איז פֿאַרבונדן מיט א געוויסער פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפֿט, מיט אַ געוויסער פֿאַרשטאַרקונג פֿון די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פֿון דער בורזשואַזיע. די פֿאַרשטאַרקונג דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס פֿאַר די לעצטע יאָרן האָט דער קאַפּיטאַליזם איבערגעשטיגן די פֿאַרמילכאָמעדיקע נאָרמע אין אַ ריי צווײַגן פֿון דער פּראָדוקציע און אין אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל. דער קאָנגרעס האָט אָנגעוויזן אויף די טעכנישע דערגרייכונגען פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפֿט (דערגרייכונגען אין געביט פֿון עלעקטראָפֿיקאַציע, כעמיע א.א.וו.) וועלכע האָבן פֿאַרן קאַפּיטאַליזם אַוועקגעשטעלט אין דער גאַנצער ברייט די פֿראַגע פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער ראַציאָנאַליזאַציע.

די אַנטשטייונג פֿון קאָלאָסאַלע קאָנצערנען, טרעסטן און סינדיקאַטן האָט פֿאַרשטאַרקט דעם פּראָצעס פֿון דער קאָנצענטראַציע פֿון קאַפּיטאַל. אָבער צוגלײַך מיט דעם, האָט דער 6-טער קאָנגרעס פֿון קאָמינטערן אונטערגעשטראָכן דעם 2-טן מאָמענט פֿון דעם סטאַביליזאַציע-פּראָצעס, אַז ער איז ענג פֿאַרבונדן מיט דעם קאָלאָסאַלן אָנגריף אַפֿן ארבעטער-קלאַס, מיט דעם וווּקס און פֿאַרשאַרפֿונג פֿון די קלאַסן-סטירעס אין אַ גרעסערער מאָס, ווי דאָס איז געווען ניט נאָר פֿאַר דער מילכאָמע, נאָר אַפֿילע פֿאַר די לעצטע יאָרן נאָך דער מילכאָמע.

**וועלכע זײַנען די גרונט-מאָמענטן, וואָס צעטרייסלען די קאַפּיטאַליסטישע סטאַביליזאַציע?**

די טעכנישע אַנטוויקלונג שאַפט נײַע פּראָדוציר-צווײַגן, וועלכע האָבן ניט קיין מעג-
לעכקײַט פון אַנטוויקלונג אַדאַנק דער פאַרשמעלערונג פון די אָפּזאַץ-מערק, פאַרשטאַרקט די
קריזיסן אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, ווי לעמאָשל דער קריזיס אין דער אַל-
וועלטלעכער קוילן-אינדוסטריע א.א.וו. דאָס אַריבערטראָגן זיך פון צענטער פון דער אַל-
וועלטלעכער עקאָנאָמיע אין די פאַרייניקטע שטאַטן, פאַרשאַרפט די סתירות צווישן באַזונ-
דערע טיילן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג און פאַרטיפט דעם פּראָצעס פון דער
ניט גלײַכמעסיקער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם. אף דעם באָדן פאַרשאַרפן זיך די באַציונ-
גען צווישן די קאַפּיטאַליסטישע לענדער אַף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע (דער וווּקס
פון דער אַגרעסיווקײַט פון אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם אין זײַן קאַמף פאַר ווערן דער הע-
געמאָן אפן אינטערנאַציאָנאַלן מאַרק). דער אָנגריף פון קאַפּיטאַליזם אף די לעבנשטייגע-
רישע באַדינגונגען פון אַרבעטער-קלאַס, די קאַפּיטאַליסטישע ראַציאָנאַליזאַציע, וועלכע פאַר-
שטאַרקט אף א אומגעהויערן אויפן די עקספּלואַטאַציע פון די אַרבעטנדיקע מאַסן, די רע-
דוקציע פון די אַרבעט-סכירות בא א גלײַכצײַטיקן וווּקס פון יאַקרעס, די ליקווידאַציע פון
אַלע סאָציאַלע דעראָבערונגען פון אַרבעטער-קלאַס, אויסגעקעמפטע אין די יאָרן פון דער רע-
וואָלוציע און נאָך דער רעוואָלוציע—רעוואָלוציאָניזירט די אַרבעטער-מאַסן, פאַרטיפט דעם
פּאָלאַריזאַציע-פּראָצעס און אַקטיוויזירט זיי אין קאַמף קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַבי-
ליזאַציע, און צום סאָף, דער וווּקס פון סאָציאַליסטישן סעקטאָר אין דער ווירטשאַפט פון
ראַטנפאַרבאַנד, דער האַסטיקער טעמפּ פון דער אינדוסטריאַליזירונג פון סאָוועטנלאַנד, דע-
זאָרגאַניזירן דעם אַלוועלטלעכן קאַפּיטאַליזם ניט אין קיין קלענערער מאָס, ווי אַלע איבע-
ריקע פאַקטאָרן צוזאַמענגענומען. דאָס זײַנען איבקורצן די הויפּט-פאַקטאָרן, וועלכע פאַרטיפן
אין אַ גרעסערער מאָס, ווי ביז איצט, דעם אַלגעמיינעם קריזיס פון קאַפּיטאַליזם. דער אָנ-
וווּקס פון די סתירות פון דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע איז דער הויפּט-יעסאָד פון
דריטן פּעריאָד וועגן וועלכן עס ריידן די באַשלוסן פון 6-טן קאָנגרעס פון קאָמינטערן. און
צוליב דעם זאָגט ער, אַז די סטאַביליזאַציע איז פאַרגעקומען און קומט ווײַטער פאָר אין
די באַדינגונגען פון אַלץ מער אָנוואַקסנדן קריזיס פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט
און אַז זי קען קיין אַנדערע ניט זײַן, ווי נאָר אַ צײַטווײַ-
ליקע סטאַביליזאַציע.

די רעכטע עלעמענטן אין קאָמינטערן זענען באַוווסטזיניק ניט די צווייטע זײַט פון
דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע. זיי שאַצן איר איבער, לייקענען איר רעלאַטיוון כאַ-
ראַקטער, זעען ניט די סתירות, וועלכע טרייסלען אוף דעם סטאַביליזאַציע-פּעריאָד. זיי זעען ניט
דעם גיגאַנטישן רעוואָלוציאָניזירונג-פּראָצעס פון די מיליאָניקע אַרבעטנדיקע מאַסן און דאָס
וויכטיקסטע, זיי זעען ניט די מלחמה-געפאַר פון אימפּעריאַליזם קעגן דעם סאָוועטנפאַר-
באַנד. זיי ריידן וועגן דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע, ווי אַ פעסטע, וועלכע וועט
זיך האַלטן זייער אַ לאַנגן פּעריאָד, דער „גאָלדענער רעגן” פון די קאַפּיטאַליסטישע האַל-
וואָעס פאַרבלענדן זייערע אויגן און אַלס רעזולטאַט דערפון פאַרלירן זיי יעטווידע פּערס-
פּעקטיוו פון דער רעוואָלוציע. דער טראָצקיזם אין קאָמינטערן האָט ניט דערשאַצט די צײַט-
ווײַליקע סטאַביליזאַציע פון אַלוועלטלעכן קאַפּיטאַליזם און געפירט די קאָמפּאַרטייען אַפן
וועג פון פוטשן א.א.וו. די רעכטע עלעמענטן שאַצן איבער די סטאַביליזאַציע און ווילן די
קאָמפּאַרטייען פון אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער דערקײַקלען אין די סאָציאַל-דעמאָקראַטי-
שע זומפּן. די אָפּאָרטוניסטישע עלעמענטן אין קאָמינטערן דערשאַצן ניט אַלע קענצאַצן פון
דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע, זיי זעען ניט די טרײַב-קויכעס פון נײַע מלחמות
און נײַע קלאַסן-שלאַכטן.

גענוג צו נעמען אַזעלכע גיגאַנטישע עקאָנאָמישע שלאַכטן פאַר דער לעצטער צײַט,
ווי דער גרויסער לאָדזער טעקסטיל-שטרײַק, דער שטרײַק פון די האַמבורגער שיף-אַרבע-
טער, געשטיצט אַ געוויסע צײַט דורך די האַמבורגער האַפן-אַרבעטער, דער שטרײַק פון

אַמערסטן אָפּגעשטאַנענע ארבעטער אין פֿראַנקרייך — די פֿראַנצויזישע טעקסטיל-ארבעטער, דער קאַמפֿמוטיקער שטרייק פֿון די טעקסטיל-אַרבעטער אין דייטשלאַנד, דער זיג פֿון דער קאָמפּאַרטיי אין דייטשלאַנד בעשאַס די איבערוואַלן פֿון די פֿאַבקאָמען, דאָס אלץ איז גענוג אף צושמעטערן די פעסימיסטישע שטימונגען פֿון די רעכטע אָפּנויגער אין קאָמינטערן.

צי וואָלטן די קאָמפּאַרטייען געקענט שטיין אין דער שפּיץ פֿון די דיזיקע שלאַכטן, אָנפֿירן מיט זיי, פֿירן א אומופֿהערלעכע אַגיטאַציע פֿאַר אַ גענעראַל-שטרייק, ווען זיי וואָלטן געגאַנגען אפֿן וועג פֿון די רעכטע אָפּנויגער. עס איז קיין צווייפל ניט, אַז זיי וואָלטן דאָס ניט געקענט טאָן, ווייל די רעכטע עלעמענטן לייקענען די זעלבסטשטענדיקע אָנפֿירנדיקע ראָל פֿון די קאָמפּאַרטייען מיט די עקאָנאָמישע קאַמפֿן, קוקן מיט שווארצע ברילן אף דע קאַמף-פֿעיקייט פֿון ארבעטער-קלאַס און שלעפּן זיך אין עק פֿון די רעפֿאָרמיסטן, זיי פֿאַרוואַרפֿן דעם לאָזונג פֿון מאָביליזירן די מאַסן אין קאַמף קעגן אָנגריף פֿון דער בורזשואַזיע, אין קאמף קעגן די סאָציאַל-רעפֿאָרמיסטישע עלעמענטן. די ראָל האָבן די רעכטע עלעמענטן פֿון בראַנדלערס גרופּע געשפּילט אין דער צייט פֿון מעטאַל-שטרייק אין דייטשלאַנד. בראַנדלערס קרויווים און די טשעכאָסלאָוואַקישע קאָמפּאַרטיי האָבן נאָכגעטאָן זיין ביישפּיל אין דער צייט פֿון כעמישן שטרייק.

## די רעכטע עלעמענטן לייקענען די מילכאָמע-געפֿאַר.

ניט דערשאַצנדיק די סטירעס פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע, דערשאַצן ניט די רעכטע אָפּנויגער פֿון קאָמינטערן די מילכאָמע-געפֿאַר קעגן דעם ראַטנפֿאַרבאַנד. אין דער רעזאָלוציע פֿון 9-טן פּלענום פֿון קאָמינטערן וועגן דער פֿראַנצויזישער קאָמפּאַרטיי ווערט אָנגעוויזן אף דעם פֿאַקט, אז די ניט דערשאַצונג פֿון מילכאָמע-געפֿאַר קעגן ראַטנפֿאַרבאַנד האָט זיך אויסגעדריקט אין דער שוואַכקייט פֿון דער קאַמפּאַניע, וואָס די קאָמפּאַרטייען האָבן דורכגעפֿירט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מאַיסע ראַקאָווסקי און אז די פּאַרטיי האָט ניט דערשאַצט די ראָל פֿון פֿראַנצויזישן אימפּעריאַליזם אין פראַט פֿון דערשטיקן די כינעזישע רעוואָלוציע.

דער 9-טער פּלענום האָט אויך אָנגעוויזן, אַז די טעזיסן פֿון דער מערהייט פֿון צענטראַל-קאָמיטעט פֿון דער ענגלישער קאָמפּאַרטיי דערשאַצן ניט די מילכאָמע-געפֿאַר קעגן ראַטן-פֿאַרבאַנד און די אימפּעריאַליסטישע ראָל פֿון ענגלישן קאַפּיטאַליזם אין די קאָלאָניעס. דער אָפֿענער בריוו פֿון קאָמינטערן צו דער טשעכאָסלאָוואַקישער קאָמפּאַרטיי ווייזט, אַז די ק. פּ. טש. האָט ניט געפֿירט קיין ענערגישע פּראָטעסט-קאַמפּאַניע קעגן די טשעכאָסלאָוואַקישע אימפּעריאַליסטן און האָט ניט דערשאַצט די מילכאָמע-געפֿאַר.

דער אָפֿענער בריוו פֿון קאָמינטערן צו דער ק. פּ. פּ. שטרייכט אונטער:

„אַז די בראָשור פֿון כ׳ בראַנד באַגיטיקט פֿון דער מערהייט פֿון צענטראַל-קאָמיטעט „דערשאַצט ניט די טענדענצן פֿון פּוילישן פֿאַשיזם אין זייןווירטשאַפֿטלעכער עקספּאַנסיע אפֿן מיזרעך אַלס די ווירקלעכקייט פֿון היינטיקן טאָג... דאָס באַדייט ניט דערשאַצן אין איצטיקן מאָמענט איינע פֿון די גרונט-מאָמענטן, איינע פֿון די גרונט-פֿאַקטאָרן קעגן דעם פּ. ס. ס. ר.״. ווייטער ווייזט דער בריוו אָן: „אַז די ניט דערשאַצן פֿון דער מילכאָמע-געפֿאַר איז כאַל פֿאַרביידע גרופּירונגען אין דער ק. פּ. פּ., אַז די פּוילישע פּאַרטיי האָט זיך נאָך ניט דערשלאָגן דאָס די מאַסן זאָלן אופֿנעמען מיטן פֿולן באַוווסטזיין די מילכאָמע-געפֿאַר פֿון אימפּעריאַליזם קעגן ראַטן-פֿאַרבאַנד״.

ניט דערשאַצנדיק די סטירעס פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע, ניט דערשאַצנדיק די פֿאַרשאַרפֿטע קלאַסן-קאַמפֿן, מוז מען לאָגיש קומען צו דער ניט דערשאַצונג פֿון די פּאָליטישע רעפּרעסיעס פֿון דער בורזשואַזיע קעגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג דער 9-טער פּלענום פֿון קאָמינטערן האָט די פֿראַנצויזישע קאָמפּאַרטיי אָנגעוויזן: „אַף דער

ניט ריכטיקער אָפּשאַצונג פֿון דער פּאַרטיי וועגן די רעפּרעסיעס פֿון די קאַפּיטאַליסטן אין דער רעגירונג, וועלכע דרינגען אַרויס פֿון די גאַנצע אַנטוויקלונג-פּערספּעקטיוון פֿון די קלאַסן-קאַמפֿן און אַז די ניטריכטיקע איינשטעלונג איז אין ענגן צוזאַמענבונד מיט דער טאַקטיק פֿון אונטערוואַרפֿן זיך דער בורזשואַזער יוסטיץ". די פֿראַנצויזישע קאָמפּאַרטיי האָט געהאַלטן, אַז די רעפּרעסיעס זיינען אַ פּערסאָנעלע פּאָליטיק פֿון אינערן-מיניסטער, אַזאַ שטעלונג האָט געפֿירט צו דעם, אַז מיטגלידער פֿון צענטראַל-קאָמיטעט האָבן זיך אַליין איבערגעגעבן אין די הענט פֿון דער פּאָליציי. דאָס איז אויך שאַיעך דער טשעכאָסלאָוואַקישער קאָמפּאַרטיי, וועלכע האָט זיך צו שפּעט אָנגעהויבן אַרומקוקן אַף די סיסטעמאַטישע רעפּרעסיעס פֿון דער בורזשואַזיע, ביז וואַנען זי האָט זיך שוין געפֿונע אין האַלב אומלעגאַלע באַדינגונגען. אין דער פּאַרטיי האָבן זיך געפֿונען אַזעלכע פֿאַרשימלטע אָפּאָרטוניסטן, וועלכע האָבן אָנגעוויזן, „אַז מיט דער הילף פֿון אָפּשוואַכן דעם רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער פֿון אונדזער פּראָפּאַגאַנדע קען מען אויסמיידן די אומלעגאַלקייט פֿון אונדזער פּאַרטיי" (אָפֿענער בריוו פֿון קאָמינטערן צו דער ק. פּ. טש.).

אין דער דייטשישער קאָמפּאַרטיי דערשאַצן ניט די רעכטע דעם וווּקס פֿון דער פֿאַשיסטישער געפֿאַר. זיי האַלטן, אַז דער זיג פֿון די רעפֿאָרמיסטן בייס די מאַי-וואַלן שאַפֿט אַ „דעמאָקראַטישע ערע". אַזאַ פֿאַלשע שטעלונג באַדייט ניט בלויז גיט פֿאַרשטיין די פּערספּעקטיוון פֿון דער אַנטוויקלונג פֿון דייטשישן אימפּעריאַליזם, נאָר אויך ניט פֿאַרשטיין די נייע פֿינקציאָנעלע ראָלע פֿון דער ס. ד. אַלס דעם גרעסטן קאָנטער-רעוואָלוציאָנערן קויעך.

## די רעכטע עלעמענטן און זייער באַציִונג צו דער ס. ד. און „לינקער" ס. ד.

די ס. ד. שטעלט מיט זיך פֿאָר אין איצטיקן מאָמענט איינע פֿון די הויפּט-אָנשפּאַרן פֿון דער אימפּעריאַליסטישער בורזשואַזיע אין קאַמף מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די ס. ד. העלפֿן דער בורזשואַזיע אַקטיוו דורכפֿירן די קאַפּיטאַליסטישע סטאַביליזאַציע אַפֿן כעשבן פֿון די אַרבעטנדיקע מאַסן. צו דעם צוועק פּראָפּאַגאַנדירט זי די לאָזונגען פֿון „ווירטשאַפֿטלעכער דעמאָקראַטיע", וועגן „שאָלעם אין דער אינדוסטריע" א. א. וו. די ס.ד. האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ באַשטאַנד-טייל פֿון עקאָנאָמישן און מעלוכישן אָרגאַניזם פֿון קאַפּיטאַליזם. די ס. ד. פֿירט אַן אידעאָלאָגישע צוגרייטונג-אַרבעט פֿון די מאַסן צו דער מילכאָמע קעגן ראַטן-פֿאַרבאַנד. אַף איר לייגט די בורזשואַזיע די גרעסטע האָפֿענונגען אין פּראַט פֿון אַריינציִען די ברייטסטע מאסן אין דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע קעגן פֿ. ס. ס. ר. די באַשלוסן פֿון 6-טן קאָנגרעס פֿון קאָמינטערן ווייזן דעריבער אָן, אַז מען קען ניט ריידן וועגן קאַמף מיטן אימפּעריאַליזם און מילכאָמע-געפֿאַר, ניט דיסקרעדיטירנדיק אומבעראַכמאָנעסדיק אין דער ערשטער ריי די סאָציאַל-רעפֿאָרמיסטן.

מיט דערדאָזיקער איינשטעלונג פֿון קאָמינטערן זיינען די רעכטע עלעמענטן ניט מאַסקים. איינער פֿון די רעכטע פֿירער דערקלערט אין אַ בריוו צום צ. ק. פֿון דער דייטשישער קאָמפּאַרטיי: „אָביעקטיוו, נאָר ניט סוביעקטיוו זיינען די פֿירער פֿון דער ס. ד. פֿאַרעטער פֿון אַרבעטער-קלאַס. אַזאַ שטעלונג און באַציִונג צו די ס. ד. הייסט איבערהויפּט אָפּלייקענען דעם פֿאַקט, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז אַ בורזשואַזע אַרבעטער-פּאַרטיי, צי קען מען נאָך היינט צווייפֿלען אין דעם, אַז די נאָסקעס און זעווערינגס, טאָמאַס און מאַקדאָנאַלדס, יאַוואָראָווסקיס און זשולאַווסקיס, אָטאָ באַוער און זייץ זיינען באַוווסטזיניקע פֿאַרעטער פֿון אַרבעטער-קלאַס? דאָס איז די געפֿערלעכסטע לעגענדע וועגן דעם „אָביעקטיוון" פֿאַראַט פֿון דער ס. ד. מיט וועמענס הילף טראָצקי איז אין דער צייט פֿון דער מילכאָמע אַרויסגעטראָטן קעגן לענינען וועגן שאַפֿן באַזונדערע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס און דעם דריטן אינטערנאַציאָנאַל. די רעכטע עלעמענטן טרעטן אַרויס קעגן קורס

פֿון קאָמינטערן, אַז דעם הויפּט-אָנגריף דאַרף מען מאַכן קעגן רעפֿאָרמיזם, אָנגרייַפֿנדיק מיט דעם די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם.

אויך אין דער ענגלישער פּאַרטיי האָבן אַ טייל כאַווירים ניט פֿאַרשטאַנען דעם אימפּעריאַליסטישן כאַראַקטער פֿון דער ס. ד. און אַלס רעזולטאַט דערפֿון איז די פּאַרטיי באַגאַנגען אַ פֿעלער בעשאַס די וואַלן, אָנווייַזנדיק, אַז מען דאַרף נאָר אַרויסטרעטן קעגן באָלדוינס רעגירונג, אָן ענלעכן פֿעלער האָט אויך געמאַכט די פֿראַנצויזישע קאָמפּאַרטיי, באַ וועלכער די טענדענץ וועגן שאַפֿן אייַנהייַטלעכע ליסטעס מיט דער ס. ד. בעשאַס די פּאַרלאַמענט-וואַלן זייַנען געווען אַזוי שטאַרק, אַז די פּאָליט-ביוראָ האָט די שטעלונג באַווייליקט. דער 9-טער פּלענום פֿון קאָמינטערן האָט טאַקע אָנגעוויזן, אַז די פֿראַנצויזישע קאָמפּאַרטיי האָט געפֿירט אַ שוואַכן קאַמף מיט דער ס. ד. די שאַרפֿע קריטיק פֿון קאָמינטערן האָט געהאָלפֿן דער פּאַרטיי אויסלעבן די פֿעלערן און אַ ריי כאַווירים האָבן זיך פֿון זייער שטעלונג אָפּגעזאָגט.

דיזעלבע לעגענדע וועגן „אָביעקטיוון" און „סוביעקטיוון" פֿאַראַט פֿון די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פֿירער פֿאַרשפּרייטן די רעכטע אָפּנויגער אויך בענויגייע דער אַזוי גערופֿענער לינקער ס. ד. די רעזאָלוציע פֿון 6-טן קאָנגרעס פֿון קאָמינטערן זאָגט:... „די קאָמוניסטן מוזן אָפֿן אַנטשיידנסטן אויפֿן דעמאַסקירן די פֿירער פֿון דער „לינקער" ס. ד. אַלס די סאַמע געפֿערלעכסטע דורכפֿירער פֿון דער בורזשואַזער פּאָליטיק אין די רייען פֿון אַרבעטער-קלאַס און אַז די הויפּט-אויפֿגאַבע איז דעראָבערן די אַרבעטער-מאַסן, וועלכע פֿאַרלאָזן זייערע רייען". אַף דער פּאָליטישער אייַנשטעלונג פֿון 6-טן קאָנגרעס ענטפֿערט בראַנדלער מיט זייַנע טאַלמידים אין קאָמינטערן: „אַז אין אַ געוויסן מאָמענט קען די צענטריסטישע אידעאָלאָגיע פֿאַר די אַרבעטער שפּילן אַ ראָל פֿון אַ עטאַפּ אָפֿן וועג פֿון רעפֿאָרמיזם צום קאָמוניזם". דאָס באַווייַזט בוילעט די גרויסע אילוזיעס פֿון די רעכטע וועגן די פֿירער פֿון דער לינקער ס. ד. זיי זעען ניט די וויכטיקסטע ענדערונגען, וועלכע זייַנען פֿאָרגעקומען אין לאַגער פֿון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע נאָך דער מילכאָמע, אַז סאַי די רעכטע און סאַי „לינקע„ ס. ד. איז געוואָרן אַ באַשטאַנד-טייל פֿון דער בורזשואַזיע. אַז עס זייַנען בלויז פֿאַנאַנדערגעטיילטע ראָלן צווישן די פֿאַרעטערישע פֿירער, ווי אַזוי בעסער דערשטיקן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פֿון אַרבעטער-קלאַס און אייַנשפּאַנען די מאַסן אין רייַט-וואָגן פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַבּיליזאַציע. דאָס זייַנען כלוקע-דייעס אין די מעטאָדן, וועלכע פֿירן צו אייַנעם און דעמזעלבן ציל. די נאָך מילכאָמעדיקע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע קען פֿון זיך ניט אַרויסגעבן קייַן קאַרל ליבקנעכט, ראָזאַ ליוקסענבורג און מערינגס. מיר דאַרפֿן קייַן פֿולע ניט ריידן וועגן דעם, אַז די אָטאָ באַוערס האָבן דערשטיקט מיט דיזעלבע מאַסמיטלען דעם אויפֿשטאַנד פֿון ווינער פּראָלעטאַריאַט, ווי די דייַטשישע נאָסקעס און שיידעמאַנס האָבן דערשטיקט דעם אויפֿשטאַנד פֿון די דייַטשישע אַרבעטער אין 1923 י. פּאַול לעווי העלפֿט ניט אין קייַן קלענערער מאָס דורכפֿירן די מילכאָמע-פּאָליטיק פֿון די הילפֿערדינגס און עווערטס. די איבערשאַצונג פֿון דער ראָל פֿון דער „לינקער" ס. ד. האָבן מיר ניט בלויז אין דער דייַטשישער קאָמפּאַרטיי, נאָר אויך אין דער ענגלישער פּאַרטיי. די פֿראַגע איז ברייט באַהאַנדלט געוואָרן אָפֿן לעצטן צוזאַמענפֿאָר פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין ענגלאַנד. דער 9-טער פּלענום פֿון קאָמינטערן האָט אין זייַנע רעזאָלוציעס וועגן דער פֿראַנצויזישער פֿראַגע אָנגעוויזן, אַז די פֿראַנצויזישע קאָמפּאַרטיי האָט אָפּגעשאַצט דעם לינקן פֿליגל פֿון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי „ניט אַלס מעניע, וועלכע שטערט די סאָציאַליסטישע אַרבעטער קומען צום קאָמוניזם, נאָר אַלס אַ קאָמוניסטישע גרופּע, וועלכע איז פֿעיק אַריבערציען די אַרבעטער אַף דער זייַט פֿון קאָמוניזם" דער כ. לענצער אין זייַן בראָשור וועגן רעכטן געפֿאַר אין קאָמינטערן ווייַזט אָן: „אַז אַ ריי כאַווירים פֿון דער פּוילישער קאָמפּאַרטיי האָבן ערנסט אויפֿגענומען די קריטיק פֿון דער פּ. פּ. ס.. וועלכע עס האָבן אַנטוויקלט אַ ריי „לינקע" פּעפּעסאָווצעס אין דער צייַט, ווען די לעצטע האָבן באַ-

וווסטזיניק פאַנאַנדערגעטיילט די אַרבעט מיט דער אָפיציעלער אָנפירונג, קעדיי איינהאַלטן דעם אָפּפלוס-פּראָצעס פון די מאַסן פון דער פּ. פּ.״ (זייט 56) די עטלעכע פאַקטן באַווייזן אונדז קלאָר, אַז די פראַגע וועגן דער באַציונג סאַי צו דער רעכטער און סאַי צו דער „לינקער״ ס. ד., האָט דער 6-טער קאָנגרעס געמוזט אַוועקשטעלן אין דער גאַנצער ברייט און אָנווייזן אַף דער דראָענדיקער געפאַר מיצאַד די רעכטע אָפּנויגער און זייער באַציונג צו דער ס. ד.

דער רעכטער אָפּנויג האָט אויך אויפגעהויבן אַ גאַנצן בונט קעגן די באָלשעוויסטישע באַשלוסן פון 4-טן קאָנגרעס פון פּראָפינטערן. זייער פאַלשע אָפּשאַצונג וועגן דער ראָל פון דער ס. ד. פירט לאָגיש צו דעם, אַז זיי אָנערקענען ניט די רעפאָרמיסטישע פּראָפאַריינען אַלס אַ געווער אין די הענט פון קאַפּיטאַליזם אַף דורכפירן די צייטווייליקע סטאַביליזאַציע פון דער קאַפּיטאַליסטישערווירטשאַפט, און דערשטיקן יעדן קאַמף פון די אַרבעטער קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער ראַציאָנאַליזאַציע. זיי טרעטן אַרויס קעגן דער פאָרמולירונג, אַז דער סאָציאַל-אַמסטערדאַמער אינטערנאַציאָנאַל און די רעפאָרמיסטישע פּראָפאַריינען דינען די דעמאָקראַטן אַלס איינעם פון אירע גרונט-באַזעס אַף אַריינציען די מאַסן אין פּראָצעס פון אויפבויען די קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט. זיי אַנערקענען ניט די קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע ראָל פון דער רעפאָרמיסטישער פּראָפביוראָקראַטיע. זיי ווייזן, לעמאָשל, אָן, אַז אונטערן דרוק פון די מאַסן קענען די רעפאָרמיסטישע ביוראָקראַטן קעמפן קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָ-עקספּלואַטאַציע און דערפון איז געדרונגען, אַז די טאַקטיק פון די קאָמוניסטן אין די פּאַריינען דאַרף דערפירט ווערן צו אָרגאַניזירן דעם מאַסן-דרוק פון די אַרבעטער אַף די רעפאָרמיסטישע פירער אין די פּראָפאַריינען. אַזאַ שטעלונג הייסט זייען אילוזיעס צווישן די מאַסן, אַז די סאָציאַל-רעפאָרמיסטן קענען פירן אַן אויפריכטיקן קאַמף קעגן קאַפּיטאַל, קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער סטאַביליזאַציע. אָנשטאָט פּאָפּולאַריזירן צווישן די מאַסן דעם געדאַנק, אַז זיי זיינען לאַקייען פון דער בורזשואַזיע און אַז דינער פון דער בורזשואַזיע קענען ניט קעמפן מיט דעם קלאַס, מיט וועלכן זיי זיינען אָרגאַניש פאַרבונדן, רופן זיי די מאַסן אָנטרויען זייער קאַמף די רעפאָרמיסטן. זיי פאַרשטייען ניט, אַז דעם קאַמף פון אַרבעטער-קלאַס זיינען נאָר באַרופן צו פירן די קאָמפּאַרטייען, ווייל נאָר זיי קענען פירן אַן אויפריכטיקן קלאַסן-קאַמף, אַז נאָר די קאָמפּאַרטייען פאַרבינדן די עקאָנאָמישע שלאַכטן פון די אַרבעטער מיט זייערע ענדע-צילן.

## די שאָלעם-מאַכער מיטן רעכטן אָפּנויג.

דער רעכטער אָפּנויג ווערט נאָך מער ערנסטער אין די קאָמפּאַרטייען אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס עס זיינען פאַראַן שאָלעם-מאַכער מיט אים. די שאָלעם-מאַכער מיטן רעכטן אָפּנויג באַמיען זיך צו פאַרטושן אַלע פּאָליטישע כלוקע-דייעס, וועלכע טיילט פאַרעכטן אָפּנויג די באָלשעוויסטישע ליניע פון דער ליניע פון די רעכטע. לענין כאַראַקטעריזירט דעם טיפּ פון אָפּאָרטוניסטן אַף אַזאַ אויפן:

„אַן אָפּאָרטוניסט נויגט זיך אָפּ שטענדיק לויט זיין עצעם נאַטור פון אַ באַשטימטער און ניט צוריקערנדיקער אַוועקשטעלונג פון אַ פראַגע. זוכט שטענדיק אויס דעם מיטל, דרייט זיך, ווי אַ שלאַנג, צווישן די שטאַנדפּונקטן, וועלכע שליסן אויס איינע די צווייטע, באַמיענדיק זיך צו „זיין איינשטימיק״ אי מיט דעם, אי מיט יענעם. דערפירנדיק זיינע כלוקע-דייעס צו אויסבעסערונגען, צו ספּייקעס, צו וואָילע און אומשולדיקע ווינשן א.א.וו.״ (לענין, באַנד 5, זייטל 473). ווען מיר קוקן זיך צו צו דער ראָל פון די שאָלעם-מאַכער אין דער דייטשישער קאָמפּאַרטיי, זעען מיר בוילעט די ריכטיקע אָפּשאַצונג פון לענינען. אין סאַמע אָנהייב האָבן זיי זיך באַמיט אויסטייטשן די פאַרשאַרפטע פּאָליטישע קאַמפן צווישן דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי-אָנפירונג מיט די רעכטע אָפּנויגער דערמיט,

וואָס דער איִנערלעכער פּאַרטיי-רעזשים איִז זייער אַ שטאַרקער. זיי האָבן מיִט דער פּראַזע פֿון פּאַרטיי-רעזשים באַמיִט זיִך צו פֿאַרטושן דיִ עקזיִסטיִרנדיִקע כלוקע-דייעס. מיִר ווייסן אָבער, אַז דיִ מאַיסע וויִטאָרף וועלכע דיִ רעכטע האָבן געוואָלט אויסנוצן אַף שלאָגן פּאָליטיִשן קאַפּיִטאַל, האָבן דיִ שאָלעם-מאַכער אונטערשטיִצט אַף 100 %. אין אַ בלאָק מיט די רעכטע זיַינען זיי שוין דאַמאָלט אַרויסגעטראָטן קעגן דיִ באַשלוסן פֿון 6-טן קאָנגרעס פֿון קאָמיִנטערן. און ווען דיִ פּאַרטיי האָט אַרויסגעשמיִסן פֿון איִרע רייען דיִ רעכטע עלעמענטן, זיַינען דיִ שאָלעם-מאַכער איִן דער ק. פּ. ד. געוואָרן דיִ איינציִקע גרופּיִרונג, וועלכע זאַמלט אַרום זיִך דיִ רעשטלעך פֿון דיִ רעכטע עלעמענטן איִן דער פּאַרטיי און פֿיִרט זיי איִן קאַמף קעגן דער באָלשעוויִסטיִשער פּאַרטיי-אָנפֿיִרונג. וועגן דעם רעדט זיך זייער אַסאַך איִן דיִ באַשלוסן פֿון מאַרט-פּלענום פֿון צענטראַל-קאָמיִטעט פֿון דער ק. פּ. ד., וועלכע וויַיזט אָן, אַז דיִ שאָלעם-מאַכער טרעטן אַרויס אָפֿן קעגן דער אָפּשאַצונג פֿון קאָמיִנטערן וועגן כאַראַקטער פֿון דער קאַפּיִטאַליִסטיִשער סטאַביִליִזאַציע. זיי זיַינען ניִט מאַסקיִם מיִטן קאָמיִנטערן איִן זיַין אָפּשאַצונג וועגן דער ראָל פֿון דער ס. ר. און טרעטן אַקטיִוו אַרויס קעגן דער נייַער טאַקטיִק איִן דיִ פּראָפֿאַריינען, וועלכע האָט דיִ ק. פּ. ד. געגעבן אַזעלכע גלענצנדיִקע רעזולטאַטן איִן דער איִבערוואַל-קאָמפּאַניע פֿון דיִ פֿאַבקאָמען.

דער רעכטער אָפּנויג איִן קאָמיִנטערן און דיִ שאָלעם-מאַכער מיִט איִם וויִלן רעוויִדיִרן דיִ לעניִניִשע באָלשעוויִסטיִשע פּאָליִטיִק פֿון קאָמיִנטערן איִן דער אַל.ק.פּ.(ב). זיי האָבן ניִט געוווּנען קיין סיִמפּאַטיעס צוויִשן דיִ אַרבעטער-מאַסן. דער לעצטער צוזאַמענפֿאָר פֿון דער טשעכאָסלאָוואַקיִשער קאָמפּאַרטיי, פֿון דער עסטרייַכישער קאָמפּאַרטיי, די בערלינער בראַנדעבורגער קאָנפֿערענץ, די פּאַריזער קאָנפֿערענץ, די פּלענומען פֿון די צענטראַל-קאָמיטעטן פֿון אַלע קאָמפּאַרטייען האָבן אַפֿן שאַרפֿסטן אויפֿן פֿאַרורטיילט די רעכטע אָפּנויגער אין זייער פּאָליִטישער איינשטעלונג און זיך געשטעלט אַף דער זייַט פֿון דער פּאָליטישער ליניע פֿון קאָמינטערן. דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַריאַט גרופּירט זיך אַרום זייַן שטאַב—אַרום דעם קאָמינטערן. ניט באַגרענעצנדיק זיך מיט ריינע, פֿאָרמעלע רעזאָליוציעס, פֿאַרשטאַרקט זיך די אינטערנאַציאָנאַלע אידעישע און טאַקטישע איינהייַט פֿון רעוואָליוציאָנערן אַרבעטער-קלאַס. די מאַפּאָלע פֿון די רעכטע און די טראָצקיסטישע רעשטלעך, וועלכע ציִען דעם פּראָלעטאַריאַט אין זומפּ פֿון אָפּאָרטוניזם, וועט פֿאַרקומען ניט נאָר אין פֿ.ס.ס.ר., נאָר אויך אין דער גאַנצער וועלט. די פּאָליטישע איינהייַט און באָלשעוויסטישע אויסגעהאַלטנקייַט פֿאַרזיכערט דעם זיג פֿון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע.

---

א. וואָלאָברינסקי.

# דיאַלעקטיק אין דער נאַטור.

(קאַפּיטלען).

## 2

## דיאַלעקטיק און מעכאַניזם. אונדזערע שטרײַט-פֿראַגן.

איינע פֿון די אַקטועלסטע פֿראַגן אין דער מאַרקסיסטישער וועלט פֿאַר דער לעצטער צײַט איז דער שטרײַט מיט די מעכאַניסטן. מיר האָבן דאָ בעדייע אין קורצע שטריכן איבערצוגעבן דידאָזיקע מאַכלויקעס און אויך קלאָר מאַכן פֿאַרוואָס זײַנען דידאָזיקע פֿראַגן אַקטועל. די מאַכלויקעס מיט די מעכאַניסטן קומט פֿאָר אַרום אייניקע גרונט-פֿראַגן, דעריקער דרייט זיך דער גאַנצער שטרײַט אַרום פֿאָלגנדע מאָמענטן: די פֿראַגע וועגן אייכוס, די פֿראַגע וועגן מין, די פֿראַגע וועגן געמיינשאַפֿט (совокупность), וועגן אופֿהערלעכקײַט און אומופֿהערלעכקײַט און די פֿראַגע וועגן סיבעסדיקײַט, צופֿעליקײַט. מיר וועלן אָנהייבן פֿון דער ערשטער פֿראַגע וועגן אייכוס.

דער מעכאַניזם איז ניט קיין נייע ריכטונג אין דער וויסנשאַפֿט. ער האָט זיך אַרויסגעוויזן נאָך מיט יאָרן צוריק. אָבער אויב יענעם מעכאַניזם שאַצן מיר אָפּ, ווי אַ ניט אַנטוויקלטן מאַטעריאַליזם, ווי דעם מאַטעריאַליזם אין דעם פֿאַר-מאַרקסיסטישן געשטאַלט— באַטראַכטן מיר דעם איצטיקן מעכאַניזם, ווי אַ רעוויזיאָניסטישע ריכטונג, ווי אַ רעוויזיע פֿון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם.

דער מעכאַניזם גייט אַרויס לעכאַטכילע פֿון אַ ריין מאַטעריאַליסטישער האַנאָכע. זײַן פֿעלער באַשטייט אָבער אין דעם, וואָס ניט אַנטוויקלענדיק דעמדאָזיקן מאַטעריאַליזם ביזן סאָף, ניט קענענדיק באַנעמען דעם דיאַלעקטישן מעטאָד, בלײַבט פֿאַר אים שטענדיק אָפֿן די סאַקאָנע פֿון איבערוואַקסן אין דער אידעאַליסטישער וועלט-אָנשויונג. דער מעכאַניזם הייבט אָן פֿון דער האַנאָכע, אַז עס עקזיסטירט אַן אויסערלעכע וועלט, אַז די שפּירונגען, וועלכע שאַפֿן זיך בײַ אונדז, איז אַ פּראָדוקט דערפֿון, וואָס די אַרומיקע אָביעקטן ווירקן אַף אונדזערע כושים און רופֿן אַרויס בײַ אונדז די אָדער יענע פֿאָרשטעלונג. עס איז אויסער יעדן סאָפֿעק, אַף אַזאַ אויפֿן, אַז עטוואָס עקזיסטירט אויסער אונדז, און דערדאָזיקער „עטוואָס" איז די סיבע פֿון אונדזערע אופֿנעמונגען. ווען מיר זאָלן באַשטימען די מאַטעריע ווי דאָס, „וואָס געפֿינט זיך אויסער אונדז און רופֿט אַרויס אונדזערע שפּירונגען", קומט אויס, אַז דער מעכאַניזם לייקנט ניט אָפּ די עקזיסטענץ פֿון מאַטעריע. בײַ אונדז שאַפֿן זיך די אָדער יענע פֿאָרשטעלונגען וועגן אָביעקטן, מאַכמעס אויסער אונדז איז פֿאַראַן אַן אויסערלעכע וועלט. דאָס זײַן באַשטימט דעם באַוווסטזײַן. ביז אַהער, ווי מיר זעען איז אַלץ גוט און גלאַט, גייט אַלץ אין אָרדענונג. נאָר דאָ הייבט זיך אָן דער מעכאַניסטישער אָפּנויג אין דער פֿראַגע וועגן אייכוס. מיר וועלן פּרוּוון אילוסטרירן מיט אַ בײַשפּיל. דערבײַ זײַנען מיר מאַסרע, אַז מיר וועלן באַהאַנדלען די פֿראַגע דערווײַל אין מעכאַניסטישן גײַסט.

מיר זאָגן, אַז די וויברירונג פֿון לופֿט-מאָלעקולן רופֿט בײַ אונדז אַרויס די שפּירונג פֿון קלאַנג. דערבײַ הענגט עס אָפּ פֿון דעם, ווי אָפֿט דידאָזיקע וויברירונג קומט פֿאָר. אויב

די וויברירונג פֿון די לופֿט-מאָלעקולן איז ווייניקער פֿון 16 אין אַ סעקונדע, ווערט דאָס אונדזער אויער ניט אויפֿנעמען ווי אַ קלאַנג. אויב דיזעלביקע באַוועגונג איז אָפֿטער פֿון 40.000 אין אַ סעקונדע, וועלן מיר עס ווידער ניט אויפֿנעמען ווי אַ קלאַנג. קלאַנג שטעלט מיט זיך פֿאָר, אַף אַזאַ אויפֿן, די וויברירונג פֿון לופֿט-מאָלעקולן אין די גרענעצן פֿון 16 ביז 40.000 אין אַ סעקונדע. פֿאַרשיידענע קלאַנגען שטעלן מיט זיך פֿאָר אַ פֿאַרשיידענע צאָל פֿון די באַוועגונגען פֿון די לופֿט-מאָלעקולן. איין אָפּטקייט-באַוועגונג שאַפֿט באַ מיר שפּירונגען פֿון איין קלאַנג, אַ צווייטער אָפּטקייט שאַפֿט באַ מיר אַ שפּירונג פֿון אַן אַנדער קלאַנג. ווען איך הער, אַלזאָ, אַ וועלכע עס איז מוזיקאַלישע סימפֿאָניע, קאָן איך עס איבערזעצן אַף אַ שפּראַך פֿון ציפֿער. איך קאָן בענויגייע יעדן איינציקן קלאַנג באַהויפּטן, וואָס פֿאַר אַ באַוועגונג פֿון די לופֿט-מאָלעקולן שטעלט ער מיט זיך פֿאָר. און פּונקט ווי אַ מוזיקער זעצט איבער אַ וועלכע עס איז מוזיקאַלישע ווערק אַף דער שפּראַך פֿון נאָטן-צייכנס, אַזוי קאָן דער פֿיזיקער עס איבערזעצן אַף דער שפּראַך פֿון ציפֿער. די נאָפֿקעמינע ווערט זײַן אין דעם, וואָס בײַם דער מוזיקער פֿאַרשרײַבט עס מיט נאָטן, באַנוצט ער דערבײַ באַ-דינגלעכע צייכנס, אין דער צײַט, וואָס דאָס איבערזעצן דיזעלבע מוזיקאַלע ווערק אַף ציפֿער-לאָשן וואָלט באַדײַט פֿאַרקערט—איבערגעבן עס אין זײַן ריין אָביעקטיוון געשטאַלט. אָביעקטיוו, אויסער מיר, אויסער מײַנע כושים, זײַנען נאָר פֿאַראַן פֿאַרשיידענע צאָלן פֿון די לופֿט-וואַקלונגען, אין אונדז ווירקן רידאָזיקע פֿאַרשיידענע צאָלן און שפּיגלען זיך אָפּ אין אונדזער אויפֿנאַם-אַפּאַראַט ווי פֿאַרשיידענע קלאַנגען. דאָסזעלבע איז אויך בעוויגייע ליכט. ליכט, לויט דער עטער-טעאָריע, שטעלט מיט זיך פֿאָר כוואַליעס אין דעם עטער. די כוואַליעס זײַנען זייער קורצע און די וואַקלונגען זייער אָפֿטע אין די הונדערטער מיליאָנען אין אַ סעקונדע. פֿאַרשיידענע וואַקלונגען פֿון די עטער כוואַליעס, קלענערע אָדער גרעסערע, רופֿן באַ מיר אַרויס אַ פֿאָרשטעלונג וועגן פֿאַרשיידענע קאָלירן. די קלענסטע ליכט-כוואַליע שאַפֿט די פֿאָרשטעלונג פֿון פֿיאָלעטן-קאָליר, די לענגסטע—שאַפֿט דעם רויטן קאָליר. די צאָל וויברירונג אין אַ סעקונדע איז די גרעסטע באַם פֿיאָלעטן-קאָליר, די קלענסטע—באַם רויטן קאָליר. איז די צאָל וויברירונגען קלענער פֿון מינימום, הערן מיר אויף צו זען. דאַן האָבן מיר צו טאָן ניט מיט ליכט-שטראַלן, נאָר מיט די אַזויגערופֿענע אינפֿראַ-רויטע שטראַלן. אַז די צאָל באַוועגונגען איז גרעסער פֿון מאַקסימום, הערן מיר ווידער אויף צו זען, דאַן האָבן מיר צו טאָן מיט אולטראַ-פֿיאָלעטן-שטראַלן. אַלזאָ, אויך דאָ קאָנען מיר זאָגן, אַז די פֿאַרשיידענע קאָלירן, וואָס מיר זעען, שטעלן מיט זיך פֿאָר אָביעקטיוו נאָר אַ פֿאַרשיידענע צאָל באַוועגונגען. אויך דאָ וואָלט עס דער פֿיזיקער געקאָנט איבערזעצן אַף דער אָביעקטיווער שפּראַך פֿון ציפֿער. אויך בענויגייע ליכט דאַרפֿן מיר זאָגן, אַז אָביעקטיוו, אויסער אונדז, עקזיסטירן נאָך פֿאַרשיידענע צאָל-באַוועגונגען. די עצעם שפּירונג פֿון ליכט איז שוין, אַף אַזאַ אויפֿן, אונדזער סוביעקטיווע אויסטײַטשונג פֿון דער אָביעקטיווער צאָליקייט. ווען מיר באַצייכענען די פֿאַרשיידענע פּראָצעסן: ליכט, וואַרעמקייט, עלעקטריע, מאַגנעטישע ענערגיע און א. וו. קומט אויס, אַז אין טאָך גענומען זײַנען זיי פֿאַרשיידנאַרטיק נאָר אין זייער צאָל, און דאָס וואָס מיר באַצייכענען זיי ווי פֿאַרשיידענע פּראָצעסן, ווי פֿאַרשיידענע אייכוסן, איז עס נאָר אַדאַנק אונדזער אויפֿנעמונג-אַפּאַראַט, אַדאַנק אונדזער סוביעקטיווער אויסטײַטשונג פֿון דעם אָביעקטיוון זײַן. אָביעקטיוו איז געגעבן געוואָרן נאָר די זיך-באַוועגנדיקע מאַטעריע. קיינע אַנדערע אייכוסן זײַנען אָביעקטיוו ניטאָ.

דאָסזעלביקע וועלן מיר צוגיין צו דער פֿראַגע וועגן דער פֿאַרשיידנאַרטיקייט פֿון פֿאַרשיידענע קעגנשטאַנדן און שטאָפֿן. מיר דערפֿירן פֿאַרשיידנאַרטיקע שטאָפֿן, ווי גרויס און רײַך זאָלן זייער פֿאַרשיידנאַרטיקייט ניט זײַן, צו אַ געוויסער צאָל (90) כעמישע עלעמענטן. די מיליאָנענאַרטיקע פֿאַרשיידנאַרטיקייט פֿון שטאָפֿן דערקלערן מיר נאָר ווי אַ קאָמבינאַציע, ווי פֿאַרשיידענע קאָמפּלעקסן פֿון געגעבענע כעמישע עלעמענטן. מיר גייען וויי-

טער און מיר זאָגן, אַז די עצעם כעמישע עלעמענטן קאָנען ווײַטער דערפֿירט ווערן צו
אַ פֿאַרשיידענער צאָל פֿון עלעקטראָנען. איין יאָדער (פּראָטאָן) אין צענטער און איין עלעקט-
ראָן, וואָס דרייט זיך אַרום אים, גיט אונדז דעם וואַטער-שטאָף. צוויי עלעקטראָנען גיט
אונדז העלי, דרײַ עלעקטראָנען, וואָס דרייען זיך אַרום דעם יאָדער, גיט אונדז ליטי (2 אין
דער אינערלעכער אָרביטע, 1 אין דער אויסערלעכער). 11—נאַטרי און א. וו. א. וו. מע-
מיילע קומט אויס, אַז דאָס, וואָס מיר רופֿן אָן און באַצייכענען ווי פֿאַרשיידענע כעמישע
עלעמענטן שטעלט מיט זיך פֿאָר אָביעקטיוו בלויז אַ פֿאַרשיידענע צאָליקייט פֿון די עלעקט-
ראָנען און פּראָטאָנען. די פֿאַרשיידענע צאָליקייט פֿון זיי רופֿט בײַ אונדז אַרויס אַ פֿאָר-
שטעלונג וועגן פֿאַרשיידענע אייגנשאַפֿטן, וועגן פֿאַרשיידענע אייכוסן. אויך דאָ באַקומט
זיך', אז די פֿאַרשיידענע אייכוסן איז בלויז אונדזער שטייגער אויפֿנעמען פֿון דער אָביעק-
טיוו עקזיסטירנדיקער צאָליקייט. אַלזאָ, מיר קומען צום לעצטן אויספֿיר: אָביעקטיוו עקזי-
סטירט נאָר די זיך באַוועגנדיקע מאַטעריע. פֿאַרשיידענע אייכוסן, פֿאַרשיידענע אייגנשאַפֿטן,
וואָס מיר זעען איין אין דער אויסערלעכער וועלט איז בלויז אַ פּראָדוקט פֿון אונדזער
שטייגער אויסטײַטשן און אויפֿנעמען די נאַטור. אייכוסן זײַנען סוביעקטיוו.

אָט דאָס איז דער דערעך, אף וועלכן עס גייט דער מעכאַניזם. ווער פֿון זיי דערעט
זיך מער. ווער פֿון זיי דערעט זיך ווייניקער. אָבער די גענעראַל-ליניע, די ריכטונג פֿון מע-
כאַניזם אין דערדאָזיקער פֿראַגע איז אָט אַזאַ. די דיאַלעקטישע איינהײַט פֿון פֿאַרשיידנאַר-
טיקײַטן ווערט דאָ פֿאַרביטן מיט אַ פּאָשעט באַלעבאַטישן פֿאַרגלײַך פֿון אַלץ און אַלעמען.
עס ווערט דאָ אויסגעמעקט די פֿאַרשיידאַרטיקייט אין דער נאַטור. ווען די דיאַלעקטישע
וועלט-אָנשויונג זעט איין אן איינהײַט צווישן פֿאַרשיידענע דערשײַנונגען, הייסט עס
ניט אז מיר זאָגן, אז זיי זײַנען ניט פֿאַרשיידן. דענסמאָל וואָלט דאָך די איינהײַט פֿאַר-
ביטן געוואָרן מיט אַ פּאָשעטער דאָסזעלביקײַט, אידענטישקײַט. א שטול איז אַ שטול—דער-
דאָזיקער טעזיס זאָגט אַבסאָליוט גאָרניש. ער שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ פּאָשעטע טאַווטאָ-
לאָגיע. די דיאַלעקטישע איינהײַט באשטייט אין דעם, וואָס מיר זעען איין איינהײַט אין
דעם, וואָס עס איז פֿאַרשיידן. די איינהײַטלעכקײַט לייקנט ניט אָפּ די פֿאַרשיידנקײַט. די
פֿאַרשיידנקײַט לייקנט ניט אָפּ די איינהײַטלעכקײַט. ווען מיר, צ. ב. זאָגן, אַז דער מענטש
איז איינהײַטלעך מיט דער איבעריקער אָרגאַנישער נאַטור, מיט די איבעריקע באַלעכאַים,
ווילן מיר דערמיט אַבסאָליוט ניט זאָגן, אַז עס איז ניטאָ קײַן נאָפּקעמינע צווישן דעם
מענטשן און צווישן דער כאַיע. זיי זײַנען פֿאַרשיידן אָבער זיי זײַנען איינהײַטלעך. אויב
דער מעטאפֿיזישער קוק זעט איין אַ דורכויסיקע פֿאַרשיידנאַרטיקײַט, ער זעט ניט קײַן אַל-
געמיינעס צווישן איין געגנשטאַנד, איין דערשײַנונג מיט אַ צווייטער; אויב, פֿאַרקערט, דער
מעכאַניזם זעט אײַן נאָר דאָסזעלביקײַט און זעט ניט אײַן די פֿאַרשיידנקײַט—זאָגט די דיאַ-
לעקטיק: איינהײַט פֿון פֿאַרשיידנאַרטיקײַט.

ווו איז דאָ די סאַקאָנע פֿוז דער מעכאַניסטישער וועלט-אָנשויונג. דידאָזיקע פֿראַגע
וועלן מיר באַרירן איצט. פֿאַר יעדן איז קלאָר און דײַטלעך, אז דער מעכאַניזם וואַקסט דאָ
איבער אין סוביעקטיוויזם. זאָגן און באַהויפּטן, אַז די פֿאַרשיידנאַרטיקײַט, די אייכוסן זײַנען
סוביעקטיוו, דאָס איז שוין אַ טראָט צו דעם סוביעקטיוון אידעאַליזם. ניט אומזיסט איז
צווישן די פֿאָרשטייער פֿון רוסישן מעכאַניזם געווען באָגדאַנאָוו, וועלכער איז שוין געשטאַ-
נען גאַנץ היפּש אַף א סוביעקטיוו-אידעאליסטישער פּלאַטפֿאָרם.

לאָמיר עס פּרוּוון איבערזעצן אַף דער פּאָליטישער שפּראַך, וועט נאָך בוילעטער און דײַט-
לעכער זײַן די סאַקאָנע, וואָס עס שטעקט אין אָפּלייקענען אייגנאַרטיקייטן. מיר וועלן נעמען
אַלס בײַשפּיל צוויי בורזשואזע רעוואָלוציעס אין צוויי לענדער: די בורזשואזע רעוואָלוציע
אין פֿראַנקרײַך אין 1789 יאָר און די בורזשואַזע אין דײַטשלאַנד אין 48-טן יאָר. די דאָ-
זיקע רעוואָלוציעס זײַנען איינהײַטלעך צווישן זיך? יאָ, זייביידע זײַנען בורזשואזע. די דאָ-
זיקע רעוואָלוציעס זײַנען פֿאַרשיידנאַרטיק צווישן זיך? יאָ, זיי זײַנען פֿאָרגעקומען בא

פֿאַרשיידענע סיטואַציעס, באַ פֿאַרשיידענע קאָנקרעטע באַדינגונגען. יעדער איינציקער
פֿון זיי האָט זיך איר אייגנאַרטיקייט, איר באַזונדערקייט און פֿון זיי דרינגען אַרויס
געוויסע פּאָליטישע פֿאָלגן. ווען מיר זעען אָבער בלויז די איינהייט און לייקענען אָפּ די
פֿאַרשיידנאַרטיקייט, ווען מיר פֿירן דורך אַ פֿאַרגלייכונג-צייכן צווישן איינער און דער
צווייטער, באַקומט זיך דערפֿון, אַז אין 1905 יאָר, ווען מיר האָבן געהאַט אין רוס-
לאַנד אַ בורזשואַזע רעוואָלוציע, האָבן מיר באַדאַרפֿט אָנווענדן דיזעלביקע טאַקטיק ווי בע-
נוגייע אַלע בורזשואַזע רעוואָלוציעס. ווען מיר זאָלן זיך דריידן צו אַזאַ דערעך, וואָלט
מיר דערגאַנגען צו אַזאַ אָפּאָרטוניזם, וואָס ווייטער גיין איז שוין אוממעגלעך. וואָס פּאַראַ
פּאָנים וואָלט דאָס געהאַט, ווען אונדזער פּאַרטיי וואָלט בייס דעם 5-טן יאָר, אַרויסגייענ-
דיק פֿון דער האַנאָכע, אַז די רעוואָלוציע איז אַ בורזשואַזיע, אָנגעווענדעט דיזעלבע טאַק-
טיק, וועלכע איז געווען פּאַסיק צו די בורזשואַזע-רעוואָלוציעס מיט אַ יאָר הונדערט צוריק
אין אַנדערע לענדער. דער צוגאַנג פֿון דעם מענשעוויזם צו דער פֿראַגע איז טאַקע בעערע
אַזאַ. ער האָט געשטעלט די פֿאָרמול: בורזשואַזע רעוואָלוציע—איז בורזשואַזע רעוואָלוציע.
קיינע אייגנאַרטיקייטן ניט געוואָלט אײַנזען. צי באַדײַט עס אָבער, אַז ווען אונדזער פּאַר-
טיי האָט אײַנגעזען די אייגנאַרטיקייט פֿון דער רעוואָלוציע פֿון 5-טן יאָר און האָט אַרויס-
געשטעלט דעם לאָזונג פֿון אַ רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטישער דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַ-
ריאַט און פּויערטום, צי באַדײַט עס, אַז זי האָט ניט אײַנגעזען די איינהײַטלעכקייט צווישן
פֿאַרשיידענע בורזשואַזע רעוואָלוציעס? ניין. ווען מיר ווערן אָן די איינהײַט, ווערן מיר
ווידער אָן די אָריענטאַציע. די איינהײַט איז באַשטאַנען דערין, וואָס סײַ דאָ און סײַ דאָרטן
איז אָפֿן טאָג-סיידער געשטאַנען די פֿראַגע וועגן צושמעטערן און צעברעכן דעם פֿעאָדאַ-
ליזם. אָבער אָט אָ דיזעלביקע פֿראַגע איז געשטאַנען אין פֿאַרשיידענע ערטער און צײַטן
באַ גאַנץ פֿאַרשיידענע סיטואַציעס, און אַף דער ערגע זײַנען אַרויסגעטראָטן פֿאַרשיידענע
טרײַב-קויכעס פֿון דער רעוואָלוציע. איינהײַטלעכקייט אין דער פֿילאַרטיקייט. מיר ווילן
דערמיט ניט זאָגן, אַז די מעכאַניסטן זאָגן טאַקע אַזוי, מיר ווילן נאָר באַהויפּטן, אַז ווען
מען זאָל לייקענען אייגנאַרטיקייט, וועט מען מוזן קומען צו אַזאַ אויספֿיר. און טאַקע אין
דעם באַשטייט די סאַקאָנע פֿון אַזאַ קוק.

פֿון דער אַנדער זײַט—אייכוס איז סוביעקטיוו. אַלזאָ, ווען מיר אָפּערירן מיט אַזעלכע
קאַטעגאָריעס ווי „בורזשואַזע רעוואָלוציע" „פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע" זײַנען דאָס אויך
סוביעקטיווע אייכוסן. דאָס איז אונדזער צייכן, אונדזער טײַטש, וואָס מיר גיבן צו פֿאַרשיידענע
געזעלשאַפֿטלעכע פּראָצעסן. בעכיין, ווען מיר אָריענטירן זיך אין אונדזער פּאָליטישן קאַמף,
אַרויסגייענדיק דערפֿון, וואָס מיר שטעלן אַ געוויסן פּאָליטישן דיאַגנאָז וועגן דעם פּראָצעס,
באַקומט זיך, אַז דערדאָזיקער דיאַגנאָז איז אַ ריין סוביעקטיווער. איז ווי זשע קאָנען מיר זיך
אָריענטירן אין אונדזער פּאָליטישן קאַמף? אָט קומט פֿאָר אַ מאַכלויקעס צווישן אונדז און צווייטן
אינטערנאַציאָנאַל וועגן קאָלאָניאַלע רעוואָלוציעס. ווען מען זאָל זאָגן, אַז דער עצעם טערמין
„קאָלאָניאַלע רעוואָלוציע" איז אַ סוביעקטיוו באַדינגלעכער, אָדער פֿינקטלעכער גערעט,
אַ פֿיקציע, איז צוליב וואָס שלאָגט מען זיך? די מעכאַניסטישע לאָגיק עפֿנט דאָ אויף, אַף
אַזאַ אויפֿן, ברייט טיר און טויער פֿאַר טאָלעראַנטקייט צו קאָלעריי אָפּשאַצונגען אָדער
קאָלעריי דיאַגנאָזן. וויבאַלד די אייכוס איז סײַ ווי סוביעקטיוו, איז איינער טײַטשט אויס
אַזוי און דער צווייטער טײַטשט אויס אַנדערש.

דער מעכאַניזם קאָן אויך גיין אַף דעם וועג, זאָגן, אַז אַ וועלכער עס איז „עפּעס"
איז דאָ פֿאַראַן, נאָר מיר קענען אים ניט מאַסיג זײַן. און אָט אַזוי, ווי מ י ר זײַנען אים
מאַסיג ד אָ ס איז סוביעקטיוו. סוביעקטיוו וועט אַף אַזאַ אויפֿן אויסקומען ניט די עצעם
אייכוס אליין, נאָר די אייכוס, ווי מ י ר נעמען איר אויף. אָבער באַ אַזאַ שטעלונג פֿון
דער פֿראַגע קערט זיך דער מעכאַניזם אום צו דער לערע פֿון אומבאַגרייפֿבאַרקייט. מיר
קומען דאָ צום קאַנטיאַניזם מיט זײַן לערע וועגן דעם, אַז די „וועלט אין זיך" קאָן ניט דער-

קענט ווערן דורך אונדז. „די וועלט אין זיך" איז פֿאַרשלאָסן פֿון אונדז מיט זיבן שלעסער זי ליגט אַף יענער זײַט פֿון אונדזער דערקענטעניש. דאָ עפֿנט זיך אַ שפּארונקע פֿאַר קאָלערליי מינים מיסטיק, א שפּארונקע פֿאַר א „יענע וועלט". ווי דער מעכאַניזם זאָל זיך ניט דרייען, מוז ער זיך אָנשטויסן אַף דער סאַקאָנע פֿון איבערגיין פֿון מאַטעריאַליזם צום אידעאַליזם.

מיר וואָלטן דאָ נאָך וועלן צוגעבן אַן אייגנאַרטיקן שטריך פֿון דעם מעכאַניזם, ווי אַזוי מען פּרוווט זיך אַרײַנלייגן די טומע אין דער יירע. דערפֿאָרן צום מעכאַניסטישן אויספֿיר אָנהויבנדיק פֿון דער דיאַלעקטישער איוורע.

אַלץ בײַט זיך, אַלץ ענדערט זיך, קיין זאַך שטייט ניט אַף אַן אָרט. יעדע זאַך, בעוועגייע וועלכע איך רייד, איז דאָ און איז ניטאָ. זי איז אין דעם קומענדיקן מאָמענט שוין ניט אַזאַ, ווי זי איז געווען מיט אַ מאָמענט פֿריער. מע קאָן צוויי מאָל נאָכאַנאַנד ניט אַרײַנלאָזן די האַנט אין איינער און דערזעלבער טײַך האט געזאָגט העראָקליט. ווען איך לאָז אַראָפּ די האַנט אַ צווייטן מאָל, איז שוין דאָס וואַסער אַוועקגעשווומען, די טײַך איז שוין אַן אַנדערע ניט די, וואָס פֿריער. אַ טאַלמיד זײַנער איז געגאַנגען נאָך ווײַטער, ער האָט געזאָגט, אַז מע קאָן אַפֿילע איין מאָל ניט אַראָפּלאָזן די האַנט אין איינער און דערזעלבער טײַך, ווײַל אין יעדן אויגנבליק פֿליסט די וואַסער אַוועק, און אַ צווייטע קומט אָן, אַלזאָ—עס איז שוין ניט דאָס. מעמיילע קומט אויס, אַז יעדער נאָמען, מיט וועלכ איך באַצייכן דעם אָדער יענעם קעגנשטאַנד, די אָדער יענע דערשײַנונג, קאָן דינען ווי אַ באַצייכענונג נאָר אַף איין מאָמענט, מאַכמעס אין אַ מאָמענט אַרום איז דאָס שוין ניט דאָס אָדער בעסער געזאָגט, אַז יעדער נאָמען, וואָס איך גיב, איז מערניט ווי אַן אַבסטראַקציע מײַנע אַ באַצייכענונג, וואָס אַנטשפּרעכט ניט די אָביעקטיוועווירקלעכקײַטן. מיר האָבן פֿאַר זיך דורכויס פּראָצעסן, דורכויסיקע אומופֿהערלעכע און זיך ענדערנדיקע. און ווײַבאַלד אַזוי איז קיין זאַך ניט באַשטענדיק, איז יעטווידער באַגריף אונדזוערער אַ ריין באַדינגלעכער. דער מעכאַניזם, אַף אזא אויפֿן, קומט צום אַנטקעגנשטעלן פּראָצעסן צו זאַכן. אויב מיר האָט פֿאַר זיך דורכויסיקע פּראָצעסן פֿון ענדערונגען, הייסט עס, אַז עס איז ניטאָ קיין זאַכן. ווען איך זאָג „טיש" איז דאָס אייגנטלעך אַ פֿיקציע, מאַכמעס דער טיש איז דאָך „יאָ פֿאַראַן און ניט פֿאַראַן". ער האַלט דאָך אין איין ווערן אויס טיש, דער טיש ווי אַ זאַך עקזיסטירט ניט. עס איז נאָר פֿאַראַן פּראָצעסן פֿון ענדערונגען. ווען מיר זאָגן: קאַפּיטאַליזם פֿעאָדאַליזם א. ד. גל. דאַרף אויך אויסקומען, אַז דאָס איז נאָר אַ פּוסטע אַבסטראַקציע, מאַכמעס דער קאַפּיטאַליזם הײַנט איז ניט דער קאַפּיטאַליזם מאָרגן און ניט דער קאַפּיטאַליזם נעכטן. ניט מע קאָן דאָ אָנווײַזן ווען דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך אָנגעהויבן, און מען קאָן אויך ניט אָנווײַזן ווען וועט ער זיך ענדיקן. דאָס איז אַן אומופֿהערלעכער פּראָצעס, אָט אַזוי אַן ערעך וועט קלינגען די מעכאַניסטישע לאָגיק.

צי איז עס ריכטיק? ווי שטעלט זיך פֿאָר די דיאַלעקטיק די באַציונג פֿון פּראָצעסן צו זאַכן? צי באַדײַט דאָס, וואָס מיר באַהויפּטן, אז אלץ געפֿינט זיך אין קעסיידערדיקע ענדערונגען און אַז קיין זאַכן זײַנען ניטאָ? עס איז ניט שווער צו אָנשטויסן זיך, אַז מיר קערן זיך דאָ ווידער אַמאָל אום צו דער פֿריער געשטעלטער פֿראַגע וועגן אייכוס. מיר שטויסן זיך דאָ אויך אָן אַף דער פֿראַגע וועגן אופֿהערלעכקײַט און אומופֿהערלעכקײַט, וועגן וואָס האָבן מיר גאָר צום אָנהויב דערמאָנט. יעדערער, וועלכער וועט לייענען דידאַזיקע שורעס אופֿמערקזאַם וועט גלײַך זען, אַז דאָ איז אַרויסגעפֿאַלן דער מאָמענט פֿון איבערגאַנג פֿון צאָל אין אייכוס, אַז דאָ איז אַרויסגעפֿאַלן דער „שפּרונג" (скачок), וועלכער פֿאַרנעמט אַזאַ וויכטיקן אָרט אין דעם דיאַלעקטישן שטייגער דענקען.

דער טיש ענדערט זיך? יאָ, ער ענדערט זיך קעסיידער אומופֿהערלעך. אָבער דערבײַ בלײַבט ער אלץ עקזיסטירן ווי אַ טיש, אין אים זײַנען דאָ סטירעס, אין אים זײַנען דאָ עלעמענטן, וועלכע לייקענען אים אָפּ, עלעמענטן וואָס פֿירן צום „ניט-טיש". אָבער ניט

געקוקט דערויף, אַף די סטיִרעס (דער ריִכטיִקער דיאַלעקטישער פֿאַרשטאַנד זאָגט: אַדאַנק דיִדאָזיקע סטיִרעס), בלײַבט דער טיִש עקזיִסטיִרן, וויִ אַ טיִש. ער וועט אופֿהערן עקזיִסטיִרן ווי אַזאַ נאָר דאַן, ווען די צאָל וועט איִבערגיין אין אייכוס, ווען דאָ וועט פֿאָרקומען אַ געוויסער שפרונג. לאָמיִר זיך ווידעראַמאָל דערמאָנען דעם גרונט-קלאַל פֿון דיאַלעקטיִק: אײַנהײַט פֿון ווידערשפרוכן. דאָס, וואָס אין טיש איז פֿאַראַן וויִדערשפרוכן, לייקנט אַבסאָליוט ניט אָפּ זײַן איינהײַט, ווי אַ טיִש. דער קאַפּיִטאַליִזם ענדערט זיִך? יאָ. קעסיידער אומופֿהערלעך, אָבער ביז אַ געוויסן מאָמענט פֿון דיִזאָזיקע ענדערונגען בלײַבט דער קאַפּיִטאַליִזם עקזיִסטיִרן וויִ קאַפּיִטאַליִזם. ער ענדערט זיִך, און ער איִז דאָ. אָט דאָס איִז דאָך טאַקע דער טייטש פֿון ענגעלסעס טעזיִס: יאָ פֿאַראַן און ניִט פֿאַראַן. דער טאָעס פֿון די מעכאַניִסטן באַשטייט דאָ איִן דעם, וואָס צוליב די בוימער זעען זיי ניִט דעם וואַלד, צוליִב די סטיִרעס זעען זיי ניִט די איינהײַט. דער קאַפּיטאַליִזם צ. ב. עקזיִסטיִרט נאָר אַדאַנק די וויִדערשפרוכן. מעקט אויס איינעם פֿון די וויִדערשפרוכן אין דעם קאַפּיִטאַליִזם—דעם אַרבעטער-קלאַס אָדער די בורזשואַזיע, איִז דער קאַפּיִטאַליִזם ווי אַזאַ שוין ניטאָ. ער איִז פֿאַראַן נאָר דענסטמאָל, ווען עס זײַנען דאָ די סטיִרעס. די ענדערלעכקײַט לייקנט לאָכלוטן ניִט אָפּ די געגעבענע אייכוס פֿון דעם אַנטוויִקלונג-פּראָצעס אין דעם ג ע ג ע ב ע נ ע ם ע ט אַ פּ. איִן דעם אָדער איִן יענעם עטאַפּ האָט ער, פֿאַרמאָגט ער אַזאַ אייכוס. פּראָצעסן לייקענען ניִט אָפּ זאַכן. די דיִאַלעקטישע לאָגיִק וואַרפֿט ניִט אַרויס איִן מיסטקאַסטן די פֿאָרמעלע לאָגיִק. די וועלט פֿון פּראָצעסן לייקנט ניִט אָפּ די וועלט פֿון זאַכן. דער מעטאַפֿיִזיִקער זעט פֿאַר זיך פֿאַרגליִווערטע זאַכן. דער מעכאַניִזם זעט איין דורכויסיִקע ענדערלעכקײַט. דערבײַ דערגייט בײַ אנדערע די מעכאַניִסטיִשע לאָגיִק אַף אַזויפֿיִל, אַז כּוּך דורכויסיִקע ענדערלעכקײַטן בלײַבט שוין גאָרניִט, עס פֿאַלט ארויס ד אָ ס, וואָס עס ענדערט זיִך, דער אָביעקט פֿון ענדערונגען (באָגדאַנאָוו). אויב אונדזערע מעכאַניִסטן טוען אַ טיווע און לייקענען ניִט אָפּ די מאַטעריע וויִ אַן אָביעקט פֿון ענדערונגען, פֿאַלט בײַ זיי אָבער אַרויס דערדאָזיִקער אָביעקט בייס עס רעט זיִך וועגן קאָמפּלעקסן פֿון מאַטעריע, וועגן געוויִסע גאַנצקייטן. מיִר זאָגן: דער טיִש ענדערט זיִך. לויט דער מעכאַניִסטישער לאָגיִק קומט אויס, אַז דער עצעם באַגריִף „טיִש" איִז אַ פֿיִקציע. איִז וואָס זשע ענדערט זיִך דאָ? דערויף וועט אונדז דער מעכאַניִזם געבן אַ פּאַרעווע טשוּווע—די מאַטעריע, דער טיִש אָבער ווי אַ גאַנצער, דער טיִש ווי אַן אָביעקט פֿון ענדערונג פֿאַלט דאָ אַרויס. די דיִאַלעקטיִק זעט פֿאָרויס, אַז בײַ דער אומופֿהערלעכער ענדערונג זײַנען דאָ איבעררײַסן, זײַנען דאָ אופֿהערלעכקײַטן, ווו איין אייכוס גייט איִבער איִן אַ צווייטער.

איצט בענויגייע דעם נאָר וואָס געבראַכטן בײַשפּיִל. ציִ דען איִז דער אונטערשייד צוויִשן ליִכט און קלאַנג נאָר איִן צאָליִקײַט? די סאַמע עלעמענטאַרע יעדיעס וועלן דאָך זאָגן, אַז איִן איין פֿאַל האָבן מיִר צו טאָן מיִט באַוועגונגען פֿון ל וּ פֿ ט-מ אָ ל ע ק ו ל ע ן און איִן צווייטן פֿאַל—מיִט אַן אַנדער פּראָצעס. עס איִז דאָך, אַלזאָ, אַ נאַפּקעמיִנע ניִט נאָר איִן צאָל, נאָר איִן עצעם אייכוס. ציִ, אַז מיִר וועלן נעמען פֿאַרשיידענע ענערגעטיִשע פּראָצעסן איִז די נאַפּקעמיִנע צוויִשן זיי נאָר איִן דער צאָליִקײַט, וואָס איִן איין פֿאַל איִז די אָפּטקײַט פֿון וויִבריִרונג איינע, איִן אַ צווייטן פֿאַל אַן אנדערע? גראָד איִן דער נאַטורוויִסנשאַפֿט, אַף וועלכע די מעכאַניִסטן זײַנען זיך סומעך און זיי וואַרפֿן אוף זייערע קעגנער איִן אַמעראַצעס—גראָד די נאַטור-וויִסנשאַפֿט לערנט און ווײַזט, אַז פֿאַרשיידענע ענערגעטיִשע פּראָצעסן שטעלן מיִט זיִך פֿאַר אָביעקטיִוו ניִט נאָר צאָליִקע פֿאַרשיידנאַרטיִקײַטן, נאָר אויך אייכוסדיִקע. עס וואָלט אויך קאָמיִש געווען צו זאָגן, אַז די נאַפּקעמיִנע צוויִשן פֿאַרשיידענע כעמיִשע עלעמענטן איִז אַ ריין סוביעקטיִווע, אַז אָביעקטיִוו האָבן מיִר דאָ צו טאָן נאָר מיִט פֿאַרשיידענע צאָלן. ערשטנס ווייס יעדערער, דער וואָס איִז נאָר עטוואָס באַקאַנט מיִט דער מאָדערנער אָנשויונג וועגן דער סטרוקטור פֿון מאַטעריע, אַז די פֿראַגע גייט ניִט נאָר איִן צאָל פֿון עלעקטראָנען, נאָר וועגן אַ געוויִסן סיידער זייערן. ווען מיִר

נעמען אַ וועלכע עס איז האָריזאָנטאַלע שורע פֿון מענדעלייעווס טאַבעלע, זעען מיר אַ געוויסן איבערגאַנג פֿון מעטאַלן צו מעטאַלאָידן. ווען מיר גיבן אָבער צו דעם לעצטן עלעמענט פֿון דער האָריזאָנטאַלער שורע נאָך איין עלעקטראָן, באַקומט זיך ניט דאָס, אַז זיין מעטאַלאָיד-אייגנשאַפֿט ווערט פֿאַרגרעסערט, נאָר פֿאַרקערט. ער שטעלט זיך אַוועק אַפֿן ערשטן אָרט פֿון דער קומענדיקער שורע, און באַקומט שוין ווידער אַן אייגנשאַפֿט פֿון מעטאַל. גראָד די פּעריאָדישע טאַבעלע פֿון עלעמענטן, אַף וועלכער די מעכאַניסטן זיינען זיך סוימעך, ווייזט שטאַרק וועגן דעם שפּרונג. אַן אַטאָם פֿון וועלכן עס איז כעמישן עלעמענט שטעלט מיט זיך פֿאָר ניט פּאָשעט אַ הורבע עלעקטראָנען. דאָס איז דאָך אַ געוויסע סיסטעם, און די אייכוס, וועלכע ער פֿאַרמאָגט, איז ניט אַ פּראָדוקט פֿון אונדזער אופֿנעמונג אַפּאַראַט. נאָר זיי דריגנען טאַקע אַרויס פֿון דער געגעבענער סיסטעם. און אויב איין אַטאָם איז פֿאַרשיידן פֿון אַ צווייטן, איז דאָס ניט דערפֿאַר, ווייל מיר נעמען דאָס אויף אַזוי, נאָר ער איז טאַקע אָביעקטיוו פֿאַרשיידן איינער פֿון אַ צווייטן. עמעס, דידאָזיקע פֿאַרשיידענע סיסטעמען האָבן איינהייטלעכקייט צווישן זיך, אָבער דאָס, וואָס זיי האָבן צווישן זיך אַן איינהייטלעכקייט, הייסט עס ניט, אַז זיי זיינען ניט פֿאַרשיידן.

---

וואָס איז אַזוינס אייכוס? געוואָינטלעך באַצייכענען מיר עס ווי אייגנשאַפֿט. אָבער דידאָזיקע באַצייכענונג איז ניט גאָר קיין ריכטיקע. אַ זאַך קאָן האָבן אַסאַך אייגנשאַפֿטן, אָבער ניט אַלע אייגנשאַפֿטן כאַראַקטעריזירן די זאַך ווי אַזאַ. דער טיש, אַף וועלכן איך שרייב, איז אַ ברוינער. ער האָט אַלזאָ, די אייגנשאַפֿט ברוינקייט. ד. ה. אָבער ניט. אַז ווען דער טיש זאָל דידאָזיקע אייגנשאַפֿט ניט האָבן, הערט ער אויף צו זיין טיש. ווען מיר זאָלן די אייכוס פֿון דער זאַך באַשטימען, ווי אַ פּאָשעטן סכום אייגנשאַפֿטן און דערביי וועלן מיר זעען, אַז די זעלביקע זאַך קאָן עקזיסטירן ווי אַ זאַך אויך, ווען אייגנשאַפֿטן זאָלן נאָך צוקומען און אייגנשאַפֿטן זאָלן פֿון איר אָפּקומען, וועט שטענדיק בלייבן די פֿראַגע, ווען הויבט אָן די זאַך זיין אַזאַ ווי זי איז און ווען הערט זי אויף צו זיין ווי זי איז. מיר קאָנען קומען צום אויספֿיר, אַז די גאַנצע באַשטימונג פֿון דער זאַך איז אַ ריין באַדינגלעכע און בעמיילע קערן מיר זיך אום ווידער צום אַלטן באַקאַנטן טעזיס, אַז דאָס, וואָס מיר רופֿן אָן מיטן נאָמען „זאַכן", איז דאָס בלויז אונדזו באַדינגלעכע צייכנס. מיר דאַרפֿן אַלזאָ מאַכן אַ געוויסע נאָפּקעמינע פֿון סטאָם אייגנשאַפֿט און פֿון אייכוס. אונטערן וואָרט „אייכוס" פֿאַרשטייען מיר דאָס, וואָס באַשטימט די זאַכן ווי אַזאַ, וואָס אויב מען זאָל דאָס אַראָפּנעמען, פֿאַלט אָפּ די עצעם זאַך. די געוויינלעכע זאַלץ קאָן זיין טרוקן און קאָן זיין פֿייכט, זי קאָן זיין אפּזאַך-זאַלץ. זי קאָן זיין שטיין-זאַלץ. אַזוי צו אַזוי מוז דאָס זאַלץ זיין געזאַלצן, דאָס זאַלץ מוז באַשטיין פֿון באַשטימטע כעמישע שטאָפֿן אין אַ באַשטימטן סיידער. זי מוז האָבן א ב אַ ש ט י מ ט ע סטרוקטור, נעמען מיר אָט דידאָזיקע באַשטימטקייט אַראָפּ, איז עס שוין ניט קיין זאַלץ. דאָ שטויסן מיר זיך נאַטירלעך אָן אַף דער פֿראַגע פֿון צופֿעליקייט. צי די אָדער יענע אייגנשאַפֿט איז צופֿעליק אָדער זי ווערט באַשטימט דורך דער עצעם זאַך? וועגן דעם וועלן מיר נאָך ריידן עטוואָס ברייטער. די אייכוס איז, אַף אַזאַ אויפֿן, ניט קיין באַדינגלעכער סכום סימאָנים, וואָס מען קאָן זיי באַדינגלעך פֿאַרגרעסערן אָדער באַדינגלעך פֿאַרקלענערן. דאָס איז די אָביעקטיווע באַשטימטקייט, וואָס קען ניט אָפּגעטיילט ווערן פֿון דער עצעם סיסטעם.

## די פֿראַגע פֿון „מין".

דידאָזיקע פֿראַגע שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ לאָגישן העמשעך פֿון דער פֿריערדיקער. מיר זאָגן געוויינלעך ניט נאָר ד ע ר ע פּ ל, י ע נ ע ר ע פּ ל א. א. וו., מיר זאָגן אויך ע פּ ל. מיר זאָגן, ניט נאָר ד ע ר מ ע נ ט ש, י ע נ ע ר מ ע נ ט ש, נאָר מיר

זאָגן אויך מ ע נ ט ש. שטעלט זִיךְ דִי פֿראַגע: צִי דִידאָזִיקע אַלגעמיינע באַגריפֿן האָבן אונטער זִיךְ אַ וועלכע עס אִיז רעאַלקײַט, אַנטשפּרעכן אַ געווִיסער אָביעקטִיװקײַט אָדער נִיט? אַרום דערדאָזִיקער פֿראַגע אִיז שוין געווען אַ שטרײַט צווִישן דעם נאָמִינאַלִיזם און רעאַלִיזם נאָךְ אִין מִיטל-אַלטער, דער רעאַלִיזם—דער אויסדרִיקער פֿון אָביעקטִיװן אִידעאַלִיזם—האָט געלערנט, אַז רעאַל זײַנען נאָר דִי אַלגעמיינע באַגרִיפֿן „דער מענטש בִּיקלאַל, דער „דרייעק בִּיקלאַל" א. א. װ. דער געגעבענער מענטש דער געגעבענער דרייעק שטעלן מִיט זִיךְ פֿאָר בלויז אַ געווִיסע קאָפּיע, אַן אָפּשפּיגלונג פֿון דעם מִין „מענטש" פֿון דעם מִין „דרייעק". אַף אַזאַ אויפֿן, אִיז דער מִין, דער „דרייעק" בִּיקלאַל געגעבן געוואָרן ווִי דער אויסגאַנג פּונקט, און ערשט נאָךְ אִים קומט צוגיין דער געגעבענער דרײַעק. דִי אִידייען זײַנען פֿאָרגעגעבן דִי זאַכן. דאַקעגן, דער נאָמִינאַלִיזם האָט געלערנט, אַז קיינע מענטשן בִּיקלאַל, דרײַעקן בִּיקלאַל זײַנען נִיטאָ. אַז נִיט דִי אִידייען זײַנען פֿאָרגעגעבן דִי זאַכן. נאָר פּונקט פֿאַרקערט, דִי זאַכן זײַנען פֿאָרגעגעבן דִי אִידייען. דִי דערפֿאַרונג גִיט אונדז דִי עפּל, אַ צווייטע, אַ דרִיטע, אַ פֿערטע, דערפֿון מאַכן מִיר ערשט אַן אויספֿיר, און מִיר שאַפֿן באַ זִיךְ אִין קאָפּ אַ באַגרִיף וועגן עפּל בִּיקלאַל.

אונדז קאָן אויסקומען, אַז דִידאָזִיקע פֿראַגע האָט אַ ריין סכאָלאַסטִישע ווערט, אַז זִי קאָן קײַן מעטאָדאָלאָגִישע באַדײַטונג נִיט האָבן. עס קאָן אויך אויסקומען פֿון אויבן אויף אַז דער נאָמִינאַלִיזם האָט פֿאַרנומען אַ דורכאויס-רִיכטִיקע פּאָזִיציע, און אַז דאָ אִיז נִיטאָ וואָס ווײַטער צוצוגעבן. עס אִיז אָבער גענוג עטוואָס אַנאַלִיזִירן דִי פֿראַגע, בִּיכדיי צו אִיבערצײַגן זִיךְ, אַז אַלנפֿאַלס אִיז דאָ פֿאַראַן, וועגן וואָס צו פֿאַרטראַכטן זִיךְ.

אַלגעמיינע באַגרִיפֿן זײַנען רעאַל אָדער נִיט? וועלן מִיר דערוויילֿ ענטפֿערן דערויף אַזוי, אַז די דערפֿאַרונג שטעלט אונדז צו נאָר און בלויז איינצלנע און פּרִיוואַטע פֿאַלן. פֿון דער דערפֿאַרונג ווייסן מִיר נאָר וועגן דעם עקזִיסטענץ פֿון איין זאַך, אַ צווייטער, אַ דרִיטער, אַ פֿערטער, אָבער אַלץ ווִי באַזונדערע זאַכן. דערנאָךְ מאַכן מִיר אַ ריין לאָגִישן דריידל, מִיר פֿאַרייניקן דִידאָזִיקע זאַכן. באַ אונדז אִין קאָפּ באַקומט זִיךְ, אַז עס אִיז דאָ אַ געווִיסער „מִין" פֿון דִידאָזִיקע זאַכן. מִיר פֿאַראַלגעמיינערן אַלע טִישן, באַקומען מִיר דעם מִין טִיש, מִיר פֿאַראַלגעמיינערן אַלע קעץ, באַקומען מִיר דעם מִין קאַץ א. א. װ. אַלזאָ, אָביעקטִיװ זײַנען נאָר דִי געגעבענע קאָנקרעטע קעגנשטאַנדן, דערשײַנונגען. אַלגעמיינע באַצייכענונגען אִיז שוין אונדזער מענטשלעכע אַבסטראַקציע.

פֿאַראַן מענטשן, וואָס זײַנען נִיט באַהאַוונט אִין פֿילאָזאָפִֿישע פּראָבלעמען און וואָס האָבן אִיבער אַזעלכע פֿראַגן נִיט געאייסעקט זִיךְ, קאָן אִין פֿלוג אויסקומען, אַז דִידאָזִיקע מיינונג אִיז דורכויס אַ רִיכטִיקע. אָבער לאָמִיר זִיךְ באַטראַכטן. געזעצמעסִיקײַט קאָן דענסטמאָל זײַן אָדער נִיט? וואָס אִיז אַזוינס אַ געזעץ, אַן אַלגעמיינער באַגרִיף אָדער אַ פּרִיוואַטער? דער עצעם באַגרִיף „געזעץ" אַנטהאַלט אִין זִיךְ שוין אַ געווִיסע פֿאַראַלגעמיינערונג. אַ געזעץ אִיז נִיט מעגלעך ווו ער זאָל זִיךְ נִיט אָנהויבן מִיט דער פֿאָרמולִירונג „אַלע", „יעדער", „יעטווִידער" א. ד. גל. אִיז ווען מִיר זאָגן, אַז דִי דערפֿאַרונג גִיט אונדז נאָר איינצלנע פֿאַקטן און דִי פֿאַראַלגעמיינערונג אִיז שוין אונדזער מענטשלעכע סוואָרע, דאַרפֿן מִיר צוזאַמען דערמִיט אָפּלייקענען דִי אָביעקטִיװקײַט פֿון געזעצמעסִיקײַט. וועגן דעם האָבן מִיר שוין באַאַרִיכעס גערעט אִין דעם פֿאָרִיקן קאַפּיטל.

קאַפּיטאַלִיזם אִיז אַן אַלגעמיינער באַגרִיף צִי אַ פּרִיוואַטער? קאָנקרעט אִיז געגעבן געוואָרן נאָר דער געגעבענער קאַפּיטאַלִיסט, דער געגעבענער אַרבעטער, דִי געגעבענע פֿאַבריק. דער קאַפּיטאַלִיזם, ווִי עטוואָס אַ גאַנצעס, ווִי אַ געווִיסער „יִזם" אִיז אָן קײַן שום ספֿק אַן אַלגעמיינער באַגרִיף. אויסער דעם, אִיז אִין דער דִירעקטער דערפֿאַרונג געגעבן געוואָרן דער קאַפּיטאַלִיזם באַ געווִיסע קאָנקרעטע באַדִינגונגען: דער קאַפּיטאַלִיזם אִין פֿראַנקרײַך, דער קאַפּיטאַלִיזם אִין דײַטשלאַנד, רוסלאַנד און דאָס גלײַכן. דער קאַפּיטאַלִיזם בִּיקלאַל אִיז דאָךְ נִיטאָ. און ווען מִיר ריידן וועגן דִי אַלגעמיינע געזעצן פֿון קאַפּיטאַ-

ליִזם, ריידן מיר וועגן די גענועצן פֿון קאַפּיטאַליִזם אין אַלגעמיין. שטעלט זיך די פֿראַגע וועגן וואָס ריידן מיר, וועגן אַ פֿיקציִע, וועגן אַ זאַך וואָס עס איז ניט אָביעקטיוו? וואָס איז דער געגנשטאַנד פֿון פּאָליטעקאָנאָמיע? דערדאָזיקער ליִמוד רעט ניט וועגן דער לאַנד און וועגן יענער לאַנד, ער רעדט וועגן אַלגעמיינע גענועצן פֿון קאַפּיטאַליִזם, און מיר האָבן נאָר וואָס געזאָגט, אַז קאַפּיטאַליִזם אין אַלגעמיין איז אַ פֿיקציִע!

מיר קאָנען דאָ קומען צו נאָך מער פּיִקאַנטע אויספֿירן. דער אַרבעטער-קלאַס איז אַ פּריוואַטער באַגריף צי אַן אַלגעמיינער? וואָס איז אונדז פֿון דער דירעקטער דערפֿאַרונג געגעבן געוואָרן, יעדער איינצעלנער אַרבעטער באַזונדער צי דער גאַנצער אַרבעטער-קלאַס? די דערפֿאַרונג און אונדזערע דירעקטע שפּירונגען גיבן אונדז קיינע שום „שפּירונגען" ניט וועגן אַרבעטער-קלאַס, מיר האָבן אים ניט געזען און ניט געהערט. מיר זאָלן גיין אַף דעמדאָזיקן וועג דאַרפֿן מיר זאָגן, אַז אָביעקטיוו, רעאַל עקזיסטירט נאָר דער אַרבעטער, אַ צווייטער אַ דריטער, אַ פֿערטער. וואָס איז שייך צום אַרבעטער-קלאַס איז עס אַ פּוסטע אַבסטראַקציִע, אַ פֿיקציִע. אויב קיין אַרבעטער-קלאַס איז ניטאָ, איז קיין קלאַס בורזשואַזע אויך ניטאָ, ווייל קלאַסן זיינען דאָך ניטאָ. קלאַסן איז אַן אַלגעמיינער באַגריף. און אויב קיין קלאַסן זיינען ניטאָ, איז מעמיילע קיין קלאַסן-קאַמף ניטאָ. דאָס איז אַלץ אַן אַבסטראַקציִע, אונדזערע אַן אויסטראַכטונג, אָדער ווי באָגדאַנאָוו וואָלט געזאָגט, אונדזער אָרגאַניזאַציִע פֿון דער דערפֿאַרונג.

מיר וועלן איבערגיין צו אַ צווייטן ביישפּיל. מיר אָפּערירן מיט אַזעלכע באַגריפֿן ווי נאָרמאַל, ניטנאָרמאַל, פּאַטאָלאָגיש. וואָס איז אַזוינס אַ נאָרמאַלער מענטש און וואָס איז אַזוינס אַ פּאַטאָלאָגישער מענטש? איז אויב מיר גייען אַף דעם דערעך, דאַרפֿן מיר זאָגן, אַז אָביעקטיוו איז ניטאָ ניט קיין נאָרמאַלע און ניט קיין פּאַטאָלאָגישע מענטשן. עס איז דאָ איין מענטש, אַ צווייטער, אַ דריטער, אַ פֿערטער א. א. וו. מיר אַבסטראַגירן אַף אַ ריין קינסטלעכן אויפֿן זייערע אייגנשאַפֿטן. מיר צושטעלן זיי אין אַ געוויסן סיידער און אַף אַזאַ אויפֿן שאַפֿט זיך בא אונדז אַ פֿאָרשטעלונג וועגן דעם מענטשן ביכלאַל—וועגן דעם נאָרמאַלן מענטשן. דאָס, וואָס מיר רופֿן אַ נאָרמאַלער מענטש, איז, אַף אַזאַ אויפֿן, בלויז אונדזערע אַן אַבסטראַקציִע פֿון די אָביעקטיווע באַזונדערע קאָנקרעטע מענטשן. עס איז מעמיילע אָביעקטיוו ניטאָ קיין שום גרעניץ צווישן אַ נאָרמאַלן און אַ פּאַטאָלאָגישן. דאָס איז נאָר אַ ריין אָפּגערעטע זאַך. מען האָט אָפּגערעט אין אַזאַ פֿאַל אָנרופֿן „נאָרמאַל" אין אַ צווייטן פֿאַל באַצייכענען עס ווי אַן אָפּנויג פֿון דער נאָרמע, וואָס מיר האָבן געשאַפֿן אין אונדזער פֿאָרשטעלונג. נאַטירלעך, איז די פֿראַגע וועגן נאָרמע ניט קיין ריין מעדיציניִשע, נאָר אַ זאַך, וואָס רירט אָן די יעסוידעס פֿון יעטווידער וויסנשאַפֿטלעכער דיסציפּלין.

מיר גייען דאָ איבער צו דער פֿראַגע וועגן קלאַסיפֿיקאַציִע. קיין וויסנשאַפֿט קאָן ניט האָבן קיין מאַמאָשעס, ווען זי זאָל ניט איינשטעלן אַ וועלכע עס איז קלאַסיפֿיקאַציִע. מיר שטעלן איין אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿאָלגנדיקע קלאַסיפֿיקאַציִע: אוראַלטער קאָמוניזם, אַווטאָריטאַרע געמיינדע, פֿעאָדאַליִזם, קאַפּיטאַליִזם, סאָציאַליִזם. מיר קלאַסיפֿיצירן מענטשן לויט קלאַסן. מיר קלאַסיפֿיצירן די וועלט פֿון באַלעכאַיִם לויט מיניִם, מישפּאָכעס, קלאַסן א. ד. גל. מיר שטעלן איין אַ קלאַסיפֿיקאַציִע פֿון פֿאַרשיידענע כעמישע שטאָפֿן: זויערקייטן, לויגן, זאַלצן און ד. גל. נעמט אַראָפּ דידאָזיקע קלאַסיפֿיקאַציִע, פֿאַלט די וויסנשאַפֿט. איז אָט שטעלט זיך אַ פֿראַגע: דידאָזיקע קלאַסיפֿיקאַציע, וואָס מיר שטעלן איין דאָ, איז אָביעקטיוו אָדער סוביעקטיוו? אויב מיר לייקענען אָפּ „מיניִם", דאַרפֿן מיר זאָגן, אַז מיר האָבן דאָ צעטיילט, קלאַסיפֿיצירט אַף אַ ריין באַדינגלעכן אויפֿן, מאַכמעס אַזוי איז אונדז בעסער, „שפּאָרעוודיק". מיר אָפּערירן צ. ב. מיטן מין „זויערקייט", מיר זאָגן, אַז שוועבל-זויער, שטיק-שטאָף-זויער פֿאָספֿאָר-זויער א. א. וו. געהערן אַלע צו איין מין „זויער", (кислота). מיר האַלטן, אַז דידאָזיקע קלאַסיפֿיקאַציִע אַנטשפּרעכט אַן אָביעקטיוון אייכוס, ווען מיר זאָלן זאָגן, אַז אין דער אָביעקטיווערווירקלעכקייט איז פֿאַ-

ראַן נאָר דאָס קאָנקרעטע, וועלן מיר דאַרפֿן קומען צו דעם אויספֿיר, אַז יעטווידע קלאַסיפֿיקאַציע וואָס מיר מאַכן אין דער וויסנשאַפֿט, האָט אַ ריין באַדינגלעכע באַדייטונג, אָדער פֿינקטלעכער גערעט, מיר וועלן אַרונטערייסן דעם באָדן אונטער וועלכער עס זאָל ניט זיין וויסנשאַפֿטלעכע אויספֿירן און וויסנשאַפֿטלעכע באַגרינדונגען. די סוביעקטיוויסטישע ריכטונג טוט טאַקע אַזוי. זי דערקלערט די גאַנצע וויסנשאַפֿט, ווי אונדזער אויפֿן אויסטייטשן. די נאַטור-וויסנשאַפֿט רעט, אַף אַזאַ אויפֿן, ניט וועגן דער נאַטור, נאָר וועגן אונדזער פֿאָרשטעלונג פֿון דער נאַטור. די עצעם אויסערלעכע וועלט דאַרף פֿאַרשטאַנען ווערן ווי אונדזער בילד וועגן דער וועלט. און צו די אַלע טאָעסן זיינען מיר געקומען נאָר אַדאַנק דעם, וויל מיר האָבן געזאָגט, אַז אָביעקטיוו איז נאָר דאָס קאָנקרעטע דאָס געגעבענע. און גראָד דעמדאָזיקן טאָעס באַגייט דער מעכאַניזם, מאַכמעס אויב ער זאָל דעמדאָזיקן טאָעס ניט באַגיין, אויב ער זאָל זאָגן, אַז אָביעקטיוו איז ניט נאָר דאָס קאָנקרעטע, דאָס געגעבענע, נאָר אויך דאָס אַלגעמיינע (וועלכע ליגט אין דער קאָנקרעטער), דאַרף ער דאָך קומען צו דעם אייכוס. אָט דאָס איז אייגנטלעך דער אייכוס, די באַשטימטקייט פֿון דעם קאָנקרעטן. אָבער דעם אייכוס האָבן די מעכאַניסטן דאָך דערקלערט אַ קאַמף, מעמיילע זיינען זיי געצוווּנגען צו אומקערן זיך צו די פּאָזיציעס פֿון דעם ריינעם נאָמינאַליזם, פֿון דעם ריינעם עמפּיריזם.

דער געפֿערלעכער טאָעס פֿון דעם אָביעקטיוון אידעאַליזם (פֿון דעם רעאַליזם) באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט דעם אַלגעמיינעם באַגריף אָפּגעדיפֿערענצירט פֿון דעם קאָנקרעטן באַגריף. דאָס עפּל ביקלאַל האָבן זיי אָפּגעטיילט פֿון דעם קאָנקרעטן עפּל. זיי האָבן, אַף אַזאַ אויפֿן, באַקומען צוויי וועלטן: אַ וועלט פֿון קאָנקרעטע עפּל, דאָס איז אונדזער זינדיקע וועלט, און אַ וועלט פֿון עפּל ביקלאַל, פֿון פּרוכט ביקלאַל, דאָס איז די אידייען-וועלט („עולם האצילות“), עס איז, נאַטירלעך, אַ נאַרעשקייט צו זאָגן, אַז אַכוץ דער געגעבענער בעהיימע לעבט ערגעץ אַ „בעהיימע ביקלאַל“, ניט קיין שוואַרצע, ניט קיין ווייסע, ניט קיין רויטע, ניט קיין געפֿלעקטע, ניט קיין נידעריקע, ניט קיין הויכע, דאָס איז אַ ווילדקייט. די מעכאַניסטן גייען אייגנטלעך אַף דעמזעלביקן וועג, אָט אין וועלכן זין. זיי טיילן אויך אָפּ, גלירערן אָפּ, רייסן פֿאַנאַנדער דעם אַלגעמיינעם פֿון דעם קאָנקרעטן. דערנאָך קומען זיי צוגיין און מעקן אויס דעם אָפּגעטיילטן אָפּגעדיפֿערענצירטן אַלגעמיינעם באַגריף. אַף אַזאַ אויפֿן, בלייבט עקזיסטירן נאָר דאָס קאָנקרעטע, נאָר דאָס געגעבענע. דאָס אַלגעמיינע, וועלכע איז אויסגעשיילט געוואָרן פֿון דעם קאָנקרעטן, איז דורך זיי פֿאַרניכטעט געוואָרן.

דער דיאַלעקטישער מעטאָד זאָגט אָבער, אַז דאָס אַלגעמיינע קאָן ניט אָפּגעטיילט ווערן פֿון דעם קאָנקרעטן: דאָס אַלגעמיינעם מיט קאָנקרעטן בילדן אן איינהייט. עס איז ניטאָ קיין „עפּל ביקלאַל“ אויסער די קאָנקרעטע עפּל. עס איז ניטאָ קיין „קאַפּיטאַליזם ביקלאַל“ אויסער די געגעבענע קאָנקרעטע באַדינגונגען. עס איז ניטאָ קיין אַרבעטער-קלאַס אויסער די געגעבענע קאָנקרעטע לעבעדיקע אַרבעטער. אָבער פֿון דער אַנדער זייט אַנטהאַלט יעדעס קאָנקרעטעס דאָס אַלגעמיינע. יעדער קאָנקרעטער קאַפּיטאַליזם אַנטהאַלט אין זיך די אייכוס, די באַשטימטקייט פֿון קאַפּיטאַליזם ביקלאַל. יעדע קאָנקרעטע זויער אַנטהאַלט אין זיך די אייכוס פֿון זויער ביקלאַל. דאָס איז די ספּעציפֿישע סטרוקטור, דער ספּעציפֿישער געבוי, וועלכער בילדעט אָט דעם שטאָף. זויערס איז עס ניט נאָר דערפֿאַר, וויל פֿאַר מיין צונג איז עס זויער. איך קאָן מיין צונג ניט גלויבן, ווען מיר דער לאַקמוספּאַפּירל ווידער אַמאָל זאָגן איידעס וועגן דעם, אַז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַ ספּעציפֿישן שטאָף. און די כעמישע פֿאָרמול, וועלכע רעט שוין ניט וועגן „דירעקטע שפּירונגען“, באַשטעטיקט ווידעראַמאָל, אַז די געגעבענע שטאָף האָט אַ געוויסן ספּעציפֿישן געבוי, האָט אַ געוויסע אָביעקטיווע ספּעציפֿישקייט. דער „מין“, מיט וועלכן מיר באַצייכענען די געגעבענע שטאָף, איז אָביעקטיוו און רעאַל. דאָס טאָר אָבער בעשום אויפֿן ניט אַנטקעגן געשטעלט ווערן דער קאָנקרעטער געגעבענער שטאָף.

דער איצטיקער מעכאַניזם גייט צו צו דער פראַגע פון „מין" אַף אַן אייגנאַרטיקן אופן. אַזוי ווי אַלץ באַוועגט זיך, אַלץ ענדערט זיך, איז דאָך מעמיילע ניטאָ קיין גרענעץ צווישן איין אַנטוויקלונג-עטאַפּ און דעם צווייטן. ווען מירריידן וועגן אַ וועלכן עס איז מין, באַגייען מיר דאָ דעם אַקט, וואָס אַף אַ ריין קינסטלעכן, באַדינגלעכן אופן, רייסן מיר אַרויס א שטיק פון אַנטוויקלונג-פּראָצעס, שטעלן אַוועק באַדינגלעכע גרענעץ-פּונקטן, און דערנאָך מיינען מיר, אַז אַזוי איז עס אין דער ווירקלעכקייט. ווען מיר זאָלן שמעלן די פראַגע קאָנקרעט וועגן ביאָלאָגישע מינים, וואָלט דידאַקטיקע אַרגומענטאַציע געקלונגען בערעך אַזוי צו זאָגן:—מיר האָבן פאַר זיך אַ פּראָצעס פון אומפּהערלעכער אַנטוויקלונג פון די לעבעדיקע באַשעפענישן. דער איבערגאַנג פון איין באַשעפעניש צו אַ צווייטער פאַרמאָגט ניט קיינע גרענעצן. ווען איך זאָג „קאַץ", „הונט" א.א.וו. האָב איך אַף א קינסטלעכן אופן אַרויסגעריסן שטיקער פון דעם איינהייטלעכן ביאָלאָגישן אַנטוויקלונג-פּראָצעס. ווען מיר וואָלטן אָבער גענומען די אַלערליי באַשעפענישן, וואָס ליגן צווישן איין כאַיע און אַ צווייטער, וואָלטן מיר געהאַט פאַר זיך אַ גלייכע ליניע פון אַנטוויקלונג, און איך וואָלט זיך געקענט איבערצייגן, אַז קיינע איבעררייסן זיינען אין דערדאַזיקער ליניע ניטאָ.

עס איז קעדאַי צו אָנווייזן, אַז דידאָזיקע אַרגומענטאַציע איז גאָרניט אַזוי אָריגינעל און גאָרניט אַזוי ניי. מיר געפינען שוין זי בײַ אַ ביאָלאָג, וואָס האָט געלעבט „סאַכאַקל" מיט 100 יאָר צוריק.

„וואָס מער מיר קלייבן צונויף—זאָגט לאַמאַרק—די נעץ באַשעפענישן, וואָס מער עס ווערן רייך אונדזערע קאָלעקציעס, אַלץ מער זעען מיר, אַז קאַמאַט אַלע בלויזן ווערן פאַרפילט, און אונדזערע גרענעץ-ליניען ווערן פאַרגלעט... וואָס רייכער עס ווערן אונדזערע קאָלעקציעס, אַלץ מער ראַיעס באַקומען מיר, אַז אומעטום זיינען פאַראַן, מער אָדער ווייניקער, ביסלעכווייסדיקע איבערגאַנגען, אַז די בוילעטע אונטערשיידן פאַרשווינדן. די נאַטור שטעלט צו אין אונדזער רעשוס אַלס אונטערשייד-סימאָנים נישטיקע און קליינלעכע באַזונדערקייטן" (לאַמאַרק—פילאָסאָפיע פון זאָאָלאָגיע, רוסישע אויסגאַבע ז. 56-57).

„נאָר דידאָזיקע קלאַסיפיקאַציע באַשטייט פון קינסטלעכע מיטלען, און איך כאַזער איבער נאָכאַמאָל: אין דער נאַטור איז עטוואָס אַזעלכעס ניטאָ, ניט געקוקט דערויף, וואָס באַשטימטע צירקלען פון דעם נאַטירלעכן ריי קומען אויס, ווי אָפּגעגרענעצטע איינער פון דעם אַנדערן" (לאַמאַרק—דאָרטן, ז. 39).

„די גרענעץ-ליניען, וועלכע ווערן באַדינגלעך אַריינגעפירט, בּיכדיי צו צוטיילן אזא רייע, עקזיסטירן לאַכלוטן ניט" (דאָרטן, ז. 39).

„נאָר דער, וועלכער האָט לאַנג און אַסאַך זיך פאַרנומען מיט באַשטימען די מינים... נאָר יענער קען וויסן, אַף וויפל באַזונדערע מינים... גיסן זיך צונויף איינער מיט דעם אַנדערן" (דאָרטן ז. 57).

עס איז אויך ניט שפּאָגל ניי דער געדאַנק וועגן דער סוביעקטיוויקייט פון דער קלאַסיפיקאַציע. מיר געפינען דעמדאָזיקן געדאַנק אין זייער אַ בוילעטער פאָרם נאָך בײַ ביופאָנען. אין דעם 1-טן באַנד פון זיין „נאַטורגעשיכטע" (רוסישע אויסגאַבע, פּט"ב 1792 שטעלט ער זיך אָפּ באַאַריכעס אַף דעם איניען. ער גייט אַרויס פון דער האַנאָכע, אַז קיין קלאַסיפיקאַציע „אין זיך" איז ניטאָ, עס איז דאָ אַ קלאַסיפיקאַציע אין באַצוג צום קלאַסיפיקאַטאָר. ער קומט אַפילע צו אַזאַ מעשוגעדיקן אויספיר, אַז די קלאַסיפיקאַציע פון זאָאָלאָגיע זאל געמאַכט ווערן לויט דעם, אַף וויפל דער מענטש קומט אין באַרירונג מיט דער אָדער יענער כאַיע. פריער שטעלן די „נאָענטע" כאַיעס—פערד, הינט א.ד.ג. און צום סאָף—די אַמוייניקסטנס באַקאַנטע. ד. ה. ער זאָגט זיך אַבסאָליוט אָפּ פון אַן אָביעקטיוון קריטערי פאַר דער קלאַסיפיקאַציע.

די מעטאַפיזיק זעט מינים פאַרגליווערטע. אָט אַזוי ווי זיי זיינען איצטער, אַזוי זיינען זיי געווען פון שיישעס יעמיי בערוישיס. „מינים זיינען דאָ אַזויפיל, וויפל דער אויבער-

שטער האָט באַשאַפֿן״—אַזוי האָט דערקלערט דער טיפּיש-מעטאַפיזישער דענקער ליניי. די נאָפֿקעמינע צווישן מינים איז אַן אַבסאָליוטע. ניטאָ קײַן פֿאָדים, וואָס זאָל זיך ציען פֿון איין מין צום צווייטן. דער מעכאַניזם, דאַגעגן, זעט אַ דורכויסיקע אַנטוויקלונג-ליניע און לייקנט אָפּ די באַזונדערקײַט פֿון מינים. ער זעט דעם איינהײַטלעכן פֿאָדעם פֿון אַנטוויקלונג, ער זעט אָבער ניט די קניפּלעך, וואָס באַזונדערע מינים בילדן. ער זעט ניט, אַז באַ דעם אַנטוויקלונג-פּראָצעס בילדעט יעדער ע ט אַ פּ זײַנע באַזונדערקײַטן. אָט דאָס זאָגט די דיאַלעקטיק. ב שטאַמט פֿון א, איין עטאַפּ איז ג ע ב ו נ ד ן מיט דעם צווייטן. ער איז אָבער פֿ אַ ר ש יי ד ן פֿון אים. געבונדן און פֿאַרשיידן, שטאַמט און טיילט זיך אָפּ (פֿאַרגלײַכט דעם מענטשן מיט דער מאַלפּע).

מיר וועלן פֿאַרענדיקן דעם קאַפּיטל מיט דעם, ווי אַזוי האָט געענטפֿערט אָף דער-דאָזיקער פֿראַגע דער קלאַסיקער פֿון רוסישן דאַרוויניזם און מאַרקסיסט, דער פֿאַרשטאָרבענעם ק. טימיריאַזעוו.

„אָבער אויב דער מין ווערט פֿאַרגעשטעלט ווי אַ פֿליסנדיקער, זיך ענדערנדיקער אין צײַט און רוים, אויב דער עצעם באַגריף וועגן אים איז אַ ניט באַשטימטער, וואָס מע קען עס ניט אָננעמען, טאָ ווי זשע שטימט עס מיט דעם פֿאַקט, וואָס בענויגייע דער אײַנשטעלונג פֿון דער גרעסטער מערהײַט מינים איז דאָ אַן אײַנשטימיקײַט אין דער מיינונג פֿון אַלע נאַטוראַליסטן? ווי אזוי קען מען ענדלעך דערקלערן די אַנטשטייונג פֿון דעמדאָזיקן באַגריף אין דעם מענטשלעכן סייכל? ניט איינמאָל איז שוין אַרויסגעזאָגט געוואָרן דער געדאַנק, אז די אָפּשטאַמונג פֿון דעם שטרײַט וועגן דעם נאַטור-היסטאָרישן מין ליגט אין אַ לאָגישן טאָעס, דעם וואָרצל פֿון וועלכן מע דאַרף זוכן נאָך אין דער סכאָלאַסטישער מאַכלויקעס וועגן „אוניווערסאַליעס״, אז דאָס איז נאָר אַ שפּעטערדיקער אָפּקלאַנג פֿון דער פֿילדווירעסדיקער מאַכלויקעס צווישן די „רעאַליסטן״ און „נאָמינאַליסטן״. שליידען קומט צום אויספֿיר, אַז דער לעצטער מאָקעם-מיקלאָט פֿון רעאַליזם... איז געווען די לערע וועגן נאַטור-היסטאָרישן מין... שליידען זאָגט דערבײַ: „דער טאָעס פֿון דעמדאָזיקן קוק איז קלאָר שוין דערפֿון אַליין, וואָס יעדער פֿערד אין דער נאַטור מוז האָבן אַ וועלכן עס איז קאָליר, אין דער צײַט, ווען „פֿערד״ ווי אַ באַגריף טאָר קײַן קאָליר ניט האָבן, מאַכמעס אין פֿאַרקערטן פֿאַל דאַרף פֿון דעם באַגריף אויסגעשלאָסן ווערן אַ פֿערד פֿון אַן אַנדער קאָליר״. עס איז אָבער דאָך אַ סאָפֿעק (едва-ли) צי שליידען איז גערעכט... גיכער זײַנען גערעכט... די וואָס זאָגן, אַז דער מין איז ניט אַ פּראָסטע אבסטראַקציע, נאָר אַז אין אים איז דאָ אַן עלעמענט, וועלכער איז אים אייגנשאַפֿטלעך, און דערדאָזיקער עלעמענט האָט אַן אָביעקטיווע עקזיסטענץ״ (היסטאָרישער מעטאָד אין ביאָלאָגיע זײַט 2-1-70).

„אַף דער פֿראַגע... צי איז דער נאַטור-היסטאָרישער מין אַן אַבסטראַקטער באַגריף אָדער אַ רעאַלער פֿאַקט, דאַרפֿן מיר ענטפֿערן צווייענדיק... דער מין, ווי אַ שטרענג באַשטימטע קאַטעגאָריע, וואָס איז שטענדיק גלײַך צו זיך זעלבסט, וואָס ענדערט זיך קיינמאָל ניט—אַ ז אַ מין איז אין דער נאַטור נ י ט אָ. זאָגן פֿאַרקערט, וואָלט געהייסן איבערכאַזערן דעם אַלטן טאָעס פֿון די סכאָלאַסטן „רעאַליסטן״. אָבער צוזאַמען דערמיט.. דאַרפֿן מיר זאָגן, אַז מינים אין דעם ג ע ג ע ב ע נ ע ם מ אָ מ ע נ ט האָבן אַ רעאַלע עקזיסטענץ״ (דאָרטן ז. 73).

ק. טימיריאַזעוו זאָגט אַרויס דעמדאָזיקן געדאַנק ניט גענוג דרייסט (едва-ли) אָבער די ריכטונג, אַף וועלכער ער גייט, איז אָן שום סאָפֿעק א דיאַלעקטישע.

(פֿאָרזעצונג קומט).

---

אין דעם פֿאָריקן קאַפּיטאל זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן פֿאָלגנדיקע טאָעסן:

„יומיסטישער קוק״ איז אויסגעזעצט „יומיסטישער בוך״.

אָנשטאָט „די ערד דרייט זיך ארום דער זון״ איז אויסגעזעצט: „די זון דרייט זיך ארום דער ערד״.

א. ר. צווייג.

# רייזין דער ליריקער[1].

זינט ס'איז אין דער סאָוועטיש-ייִדישער ליטעראַטור אויפגעקומען די פּראָבלעם פֿון „פּראָסטע רייד", איז אונדז די רייזינישע דיכטונג געוואָרן באַזונדערס נאָענט. מע האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן צוריקקערן זיך צו די טראַדיציעס פֿון דער רייזינישער ליד, צו איר קאָנקרעטקייט, אויפֿריכטיקייט, האַרציקער פּאַשטעס. אָבער „רייזיניזם" איז ניט בלויז אַ פֿאָר-מעל-עסטעטישע קאַטעגאָריע, „רייזיניזם" איז פֿריער פֿון אַלץ אַן אינהאַלטלעך-טעמאַטישע קאַטעגאָריע. רייזין געהערט צו דער קליינער מישפּאָכע גרויסע דיכטער, וואָס האָבן געהאַט די זכיע פֿאָלשטענדיק אויסצודריקן אין זייער דיכטונג אַ דאָמינאַנט-שטימונג פֿון אַ געוויסן סאָציאַלן שיכט און דערמיט ווערן באַליבט און טייער באַ דעמדאָזיקן שיכט. ווערן, ווי מאַקסים גאָרקי דריקט זיך אויס, אַ יאָנטעוו פֿון דער געשיכטע. ס'איז דעריבער קוידעמקאָל נויטיק פעסטשטעלן דעם „סאָציאָלאָגישן עקוויוואַלענט" פֿון דערדאָזיקער רייזין-דאָמינאַנט, קלאָר מאַכן אירע אַנטוויקלונג-פֿאַזן באַ פֿאַרשיידענע סאָציאַל-פּאָליטישע אומשטענדן און מאַכן דערפֿון די נויטיקע אויספֿירן וועגן אונדזער באַציונג צו דער רייזינישער דיכטונג באַ היינטיקן טאָג.

## 1. דער אָביעקטיווער עלעמענט אין רייזינס ליריק.

דער אָביעקטיווער עלעמענט פֿאַרנעמט אין רייזינס ליריק אַ כאָשעוון אָרט (אָבער ניט קיין איבערוועגנדיקן' ווי פֿיל מיינען. רייזינס שעם אויסשליסלעך אַלס געזעלשאַפֿטלעכער דיכטער שטאַמט דעריקער דערפֿון, וואָס די געזעלשאַפֿטלעכע מאָטיוון זיינע זיינען פֿאַר-שפּרייטער און פּאָפּולערער). רייזין איז שוין לאַנג געקרוינט געוואָרן פֿאַרן באַזינגער פֿון דער „אָרימקייט", פֿון די „אַניִים וועעווייִנים", ווי כ' ליטוואַקאָוו דריקט זיך זייער טרעפֿלעך אויס. דאָס באַקלאָגן דעם ביטערן גוירל פֿון די אָרעמע איז איינע פֿון די צענטראַלע טעמעס אין דער רייזינישער ליריק. איז, ווען מיר באַטראַכטן גענויער דעם סאָציאַלן פֿאַרנעם פֿון דער רייזינישער „אָרעמקייט", זעען מיר, אַז ער איז זייער אַ ברייטער. מיר געפֿינען דאָ דעם נאַכט-וועכטער, וואָס שלעפּט זיך אַרום איינמיטן נאַכט אַפֿן גאַס, היט פֿרעמדן גליק און רו[2]), (1-טער באַנד „געזאַמלטע לידער" 1908 ז. 4), דער שוסטער, וואָס נייט שפּעט באַנאַכט פֿאַר דער גווירנטעס טעכטערל שיך (ד. ז. 8), דעם סטאָליער, וואָס האָט אַלעמענס היילעך פֿאַרהיט און פֿאַריכט, נאָר זיינע אַליין ניט (ד. 24), דעם שניידער, וואָס האָט אַלעמען באַקליידט און באַנייט, און איז אַליין נאַקעט און הויל[3]) (ד. 24), דעם הענדלער מיט אַלטע בגאָדים, וואָס גייט פֿון הויף צו הויף מיט אַ זעקל אין דער האַנט און זינגט אַזוי טרויעריק: האַנדל, האַנדל! און וואָינט אַליין ערגעץ אַף דער סמאָטשע גאַס אין אַ פֿייכטן און נאַסן קעלער מיט אַ גרויס געזינד. (ד. 6), די אָרעמע עפּלהענדלערן, וואָס זיצט באַ אַ וואַנט מיט אַ קוישל עפּל, און איר אָרעמער פֿאַרמעגן פֿוילט פֿון דעם דריבנעם

1) אַ טייל פֿון אַ גרעסערער אַרבעט. אין דעם טייל ווערט באַהאַנדלט נאָר די טעמאַטיק.

2) פֿאַ־גלייך מיט דעם פֿאָ.קליר „דער נאַכט-שומער", גינזבורג און מאַרעק 329 №.

3) ווי עס דערמאָנט ד"ס שפּריכוואָרט „אַלע שוסטערס גייען באָרוועס, אַלע שניידערס גייען נאַקעט".

האַרבסטיקן רעגנדל, וואָס גיסט און גיסט אָן אַן אופהער, און דאַן קומען די מענטשן און קוועטשן די פּיירעס און דריקן...

אַלע דריקן, אַלע קוועטשן:
גאָט און מענטשן—ווי דאָס גרוילט
און צוזאַמען מיט איר סכוירע
זיצט די אָרעמע און פוילט... (ד. ז. 30).

מיר זעען דאָ די אָרעמע קינדער, וואָס שטייען הינטערן פּאַרקאַן פון לוסטיקן שטאָט-גאָרטן און קוקן מיט דאָרשטיקע אויגעלעך, ווי די גוויריש קינדער שפּילן און הוידען זיך דאָרטן מיט זייערע באָנעס. די אָרעמע קינדער לאָזט מען אין גאָרטן ניט אַריין, ווייל זייערע בגאָדימלעך זיינען אַלטע און קויטיקע, און שמוציק די באָרוועסע פיס... (ד. 229) מיר זעען דאָ די אָרעמע יעשיווע-באָכערים, „וואָס עסן טעג און שלינגען טרערן", ווייל זיי קומט אויס זייער לאַנג זיצן און וואַרטן באַ די נעגידים, ביז מע דערמאָנט זיך אָן זיי: „נו, באָכער, נעם די קוואָרט און וואַש זיך עסן". (ד. 13, 15) [1]. רייזין דערציילט אונדז די פּיינפולע לעבן-געשיכטע פון דער אָרעמער פרוי (ד. 18), שילדערט דעם ביטערן גוירל פון די בעטלער, וואָס גייען איבער די הייזער (ד. 21), פון דער אָרעמער קאַלע (ד. 27), פון דער גאַסן-פרוי, וואָס איז פון אַלעמען אויסגענוצט און פאַרוואָרפן, ווי אַן אומנוצלעכע שאָל (ד. 9). פון דער געזינד זאַלבעאַכט, וואָס האָט בעטן נאָר צוויי (ד. 28), פון דעם אָרעמען שאָכן וואָס מע טרייבט אים אַרויס פון דער דירע. דער דיכטער פירט אונדז אַריין אין אַן אָרעם, אומגליקלעך הויז, וואָס דער דאַלעס פייפט דאָרטן, און אין קומען וויינט דער ווינט. „און עס שמאַכט און מאַנגלט דאָרטן ס'גרויסע אָרעמע געזינד". דער טאַטע איז אַ שיקער, און די מאַמע מיט קינדער זיינען הונגעריק און אויסגעראַרט, „שוואַרצע פינצטערע געשטאַלטן—אַף די באַקן נאָר אַ הויט" (ד. 31). אין גאַס איז אויך ניט פריילעכער: אָט שלעפּט אַן אומגליקלעכער טרעגער אַ שווערע קאַסטן, וואָס איז פיל גרעסער פון אים, אַ יידל דאַר און געלב טראָגט אַף זיך אַליין די גאַנצע געוועלב און גלאָצט זיינע אויגן אויס אַף אַ זעקסערל פידיען, אַ פורמאַן וויגט זיך דרעמלענדיק אַף זיין דראָשקע, ווייל ער האָט אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן, אַ פערדל פאַלט אונטער אַ שווערער מאַסע (ד. 248).

ס'וואַרפט זיך גלייך אין די אויגן: אין דעמדאָזיקן צעטל פעלט דער אַרבעטער, וואָס האָט אין דער צייט, ווען ס'זיינען אָנגעשריבן געוואָרן די אָרעמקייט-לידער, ניט ווייניקער אָרעם און אומגליקלעך געלעבט, ווי די אַלע, וואָס רייזין האָט באַזונגען זייער גוירל אַזוי האַרציק און אינטים (מיט איין אויסנאָם פאַר דער ליד „ערלעכע אַרבעט" (ד. 62), אָבער דאָ רעט זיך טאַקע וועגן דער אַרבעט אַבסטראַקט, ניטאָ קיין לעבעדיקע געשטאַלט, קיין בילד). נאָכמער: עס איז אַפילע ניטאָ דער פויעל, וואָס זיין שלימיקער מאַזל איז אין אַזוינע העלע בוילעטע שטריכן געשילדערט אינם פאָלקבילד (זע גינזב. און מאַרעק № 319).

רייזין באַזינגט די אָרעמע גאַס בּיכלאַל, איר עלנט און נויט.

און ווו נאָר דו טוסטט זיך אַ קער,
אין דער אָרעמער גאַס, אַז דו גייסט,
דערזעסטו אַ טרער נאָך אַ טרער
און זוכסט פאַר דעם עלנט אַ טרייסט. (ד. 33).

און זיין „אָרעמע גאַס" איז, ווי מיר האָבן שוין געזען, זייער אַ ברייטע. זי שליסט איין אין זיך אַ גאַנצע קייט „אַניים וועעווינים", פון אָרעמען באַלמעלאָכע ביז דעם אָרעמען הענדלער און בעטלער, וואָס גייט איבער די הייזער. אָבער רייזינס „אָרעמקייט" איז אין, אין אונטערשייד פון מענדעלעס „קאַבצאַנסק", אַ מער הומאַניש-סאָציאַלע, ווידער אַ נאַציאָנאַל-יידישלעכע. ס'דאָמינירן באַ רייזינען די אויסדריקן „די אָרעמע גאַס", אָרעמעס לעבן".

[1] פאַרגל. „ג. און מ." 315, 314 №.

אָרעם מענטשל״. אינם ליד „דאָס געבעט״, װו רײזין רעכנט אויס קימאַט זײַן גאַנצע פּאָעטישע „קליענטור״, נעמט ער אויך אַרײַן דעם פויער און ביכלאַל אַלע עלנטע און נויטבאַדערפטיקע.

אַלע װאָס זײַנען פאַרװאָגלט,
װאָס די ערד גיט קײַן װינקל זיי ניט (ד. 26 [2]).

װען דער דיכטער דערזעט דעם בעטלער, פלאַקערט באַ אים אוף אַ ביטערער געפיל.

קלײנע װערים דאָרט אין דרערד
זײַנען זעלבסט זיך שפּײַזער—
און דער מענטש—די קרוין, די קרוין—
בעטלט אין די הײַזער (ד. 21).

כאַים דער סטאָליער און לײבל דער שנײַדער, זײַנען דערפאַר אָרעם, װאָס זיי מאַכן אַלץ פאַר אַלעמען און פאַר זיך גאָר ניט. אין גאָרטן לאָזט מען ניט אַרײַן קײַן אָרעמע קינדער ביכלאַל, רײַכע קינדער גײען אַרײַן פראַנק און פרײַ. די רײַכקײַט—

דאָס איז אַ סגולע אַ טײַערע,
ס׳עפנט אַ טיר אומעטום,
אַלעס איז אײַערע, אײַערע,
קוקט זיך צום פאַרקאָן נישט אום! (ד. 230).

די „אָרעמקײַט״ מאַטערט זיך אין לעבן, װײַל ס׳איז פאַראַן אַף דער װעלט אַ גאָלדענע קאַלב, װאָס צו איר דאַרף מען בעטן—

בוקן זיך, בײגן זיך נידעריק, נידעריק,
ברעכן דעם קערפער אַף האַלב (ד. 5

רײזינס „אָרעמקײַט״ לעבט שוידערלעך אײנזאַם און עלנט. באַם לעבן קוקט זיך קײנער אַף איר ניט אַרום (ד. 17), און װען עס שטאַרבט אַן אָרעם-מענטשל, מאַכט עס אויך אַף קײנעם ניט קײַן אײַנדרוק.

שטיל װעט מען זײַן אָרן טראָגן
און קײַן שװאָכים װעט מען זאָגן.
קײנער װעט גישט װײנען קלאָגן,
װאָס אַן אָרעם-מענטשל פעלט... (ד. 11).

קײנער גיט ניט קײַן טראַכט, אַז דאָס דאָזיקע אָרעם-מענטשל איז א גרויסער העלד געװען: ער האָט דאָך אַזוי לאַנג געשטריטן, געראַנגלט זיך פאַר אַ ביסעלע גליק אין לעבן... װײַל רײזינס אָרעמקײַט פאַרמאָגט „פאַרלאַנגען און שטרעבונגען קראַפטיקע״ (ד. 5), נאָר די דאָזיקע פאַרלאַנגען און שטרעבונגען װערן דערשטיקט אונטער דער הערשאַפט פון דער „גאָלדענער קאַלב״, די „בלומען פון יוגנט, די פרישע, די זאַפטיקע, װערן צוטראָטן אַף שװאַרץ״ אין די באַדינגונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, װו עס קומט אויס צו פאַטערן אַזױפיל יונגע, פרישע קױכעס אַף זוכן אַ שטיקל טרוקענעם ברויט... (ד. 5).

רײזינס „אָרעמע גאַס—דאָס איז די אָרעמע גאַס פון דער קאַפּיטאַליסטישער טקופע, װאָס װערט אָנראַכמאָנעסדיק צומאָלן אונטער דער קאַפּיטאַליסטישער ראָד, האָט ניט קײַן מעגלעכקײַט צו באַפרידיקן אירע עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע באַדערפעניש און פאַרלאַנגען... דאָס איז דער אָרעמער הענדלער, דער באַלמעלאכע, דער פורמאַן, דער טרעגער, די פאַרקױפערן, װאָס שטײט אין מאַרק מיט אַ קױשל, די גאַסן-מײדל—די אַלע, װאָס לײַדן אַזױ

[2]) ס׳איז אויך פאַראַן באַ רײזינען די ספּעציפיש-ייִדישלעכע קאַבצאַנסק. אין זײַן ליד „האָװדאָלע״ (ד. 108) דערצײלט אונדז דער דיכטער װעגן דעם ספּעציפיש-ייִדישן טרױער אַפן שװעל פון דער װאָך. פאַרגלײַך אַגעװ מיט פאָלקליד „האַמאַװדיל״ „ג. און מ.״ 304 №. דעם „ייִדישן״ דאַלעס זעען מיר אויך אין דער פּאָעמע „מײַן צורי-קער אַהײם״, װאָס צו איר װעלן מיר זיך נאָך אומקערן.

אומדערטרעגלעך פון די קאַפּיטאַליסטישע נידערטרעכטיקייטן, פון די קאַפּיטאַליסטישע „רעשאָים״ (עס דערמאָנט זיך דער ספּעציפיש-טילימדיקער אויסדרוק פאַר די קאַפּיטאַליסטן פון דער גריכישער טקופע) און מוזן „שווייַגן—קיין וואָרט נישט געזאָגט״... פאַר זיי האָט רייזין זיין טילימדיק-אופריכטיקן עלעגישן וואָרט...

## 2. דער סוביעקטיווער עלעמענט אין רייזינס ליריק.

**עלענט און איינזאַמקייט.** ווען דער דיכטער רעט וועגן זיך, איז עלנט און איינזאַמקייט די שטענדיקע טעמע. ער וואָינט אַליין אין אַ צימער מיט אַ באַזונדער טיר, „נאָר קיינער אָ קלאַפּט ניט אין איר״[1]; אין שווערע מינוטן פון לעבן איז ניטאָ צו וועמען אויסצורײדן אַ וואָרט. גאַסן און הייזער זיינען דאָ אַסאַך, נאָר ווו אופצומאַכן אַ טיר איז ניטאָ (ד. 139). אין אַן אנדער ליד פאַרגלייַכט דער דיכטער זיך צו אַן עלנטביימעלע, וואָס וואַקסט אין פעלד איינזאַם אָן פרייַנט, אָן כאַווײרים, און ער בעט באַ גאָט אַן איינציקע טפילע·

עס זאָל אים צעברעכן דער ווינט,
וואָס טויג אַזאַ לעבן אין אייביקן שרעק?
אָך איינמאָל אַ בראָך און געווג—און אַן עק! (ד. 272).

דער מענטש איז ביכלאַל עלנט און איינזאַם, די שטערן אין הימל, צו וועלכע דער דיכטער ווענדט זיך מיט טויזנטער פראַגן אין בליק, פינקלען און ענטפערן מיט לאַכן (ד. 149). וועגן דער מענטשהייטס עלנטקייט רעט זיך אויך אין געדיכט „הערבסט-לידער״—

יעדער שאָרך פון ווינט אין פענצטער
דוכט מיר איז אַ טיפער קרעכץ—
אַף דער מענטשהייטס אַלטן ווייטיק,
אַף איר עלנטקייט און שלעכטס (ד. 235)[2].

אָבער מיט אַ פערז פריער דעקט אונדז אוף דער דיכטער די קאָנקרעטע באַזע פון דער מענטשהייטס עלנטקייט. דאָס איז ניט קיין בייראָנישע וועלט-שמערצלעריי, נאָר אַ קאָנקרעטער פיין, וואָס שטאַמט פון סאָציאַלן עלנט.

און מיר דוכט זיך יעדער טראָפּן
איז אַ ברענענדיקער טרער
אַף די וויסטע שלעכטע צייטן,
וואָס עס לעבט זיך אַזוי שווער. (ד. 235)[3]

**אומבאַפרידיקטע פאַרלאַנגען.** אין האַרצן זיינען פאַראַן פאַרלאַנגען און שטרעבונגען קרעפטיקע, אַ דראַנג צו געניסן פון לעבן (ד. 47).

ווילט זיך נאָך אַ שטיף טאָן
גרינג און פריי און בריט,
אַז דאָס האַרץ דאָס מידע
ווערן זאָל דערפרייט.
ווילט זיך נאָך אַ פאַל מאָן
צו דעם לעבנס ברוסט,

1) פון דער זייער פּאָפּולערער ליד „אומעטיק קינד מיינס צו לעבן אַליין״, וואָס ווערט אומעטום געזונגען מיט זייער אַ האַרציקער מעלאָדיע.

2) זע אויך ד. ז. 158, 251.

3) זע אויך ד. ז. 55, 107.

און זײַן גליק אויסזויגן
מיט דער לעצטער לוסט... (ד. 90).

אָבער די פֿאַרלאַנגען בלײַבן אומבאַפֿרידיקט—

דאָס וואָס איך וויל, וועל איך קיינמאָל נישט האָבן,
דאָס, האָב איך, אַ לאַנג שוין, אַ לאַנג שוין באַגראָבן. (ז. 142).

אויב לעבן הייסט לײַדן—דאָך לעבט ער, דער דיכטער, שוין לאַנג, אָבער אויב לעבן הייסט הערן פֿון גליק כאָטש אַ קלאַנג, דאַן איז ער נאָך גאָרניט געבוירן... שלעפּן זיך נאָך נאָכן דיכטער אַלטע, הינקענדיקע, גליקלאָזע טעג... (ד. 144) און איינמאָל אין אַ פֿינצטערער נאַכט מאַכט דער דיכטער אַ כעשבן מיט שרעק: אַף וואָס איז זײַן לעבן אַוועק?

און ווען דורך אַ שפּאַלט האָט געטאָגט,
האָט עלנט מײַן האַרץ זיך געקלאָגט:
געקלאָגט, און געצופּט, און געקלעמט—
איך האָב אויך פֿאַר דער זון זיך געשעמט... (ד. 148).

די אָפּגעלעבטע יאָרן לויפֿן נאָך, ווי שאָטנס און מאָנען, און מאָנען... (ד. 156). דער צאַר פֿון אומבאַפֿרידיקטע פֿאַרלאַנגען דערגייט אָפּט ביז ייִעשפֿולן געפֿיל פֿון אויסגאַנגלאָזיקייט. דער ביטערער נעכטן, דער זאָרגנפֿולער הײַנט—אָט דיביידע שלימאַזלס שאַפֿן דעם מאָרגן... קען שוין עפּעס רעכטס אַרויסקומען?

ס'וועט אַרויסקומען אַ מאָרגן
נאָר צום כויזעק, נאָר צום לאַכן... (ז. 178).

אָבער אויך דאָ דעקט אוף דער דיכטער די **קאָנקרעטע סאָציאַלע באַזע** פֿון דידאָזיקע אומבאַפֿרידיקטע פֿאַרלאַנגען. די קינדער-יאָרן, אָט די אייביקע בלומען פֿון מענטשלעכן לעבן, וואָס דערנערן אונדז אין די שווערסטע מינוטן מיט זייערע פֿריידפֿולע דערינערונגען, זײַנען פֿאַרן דיכטער „שוואַרצע יאָרן” (ד. 32). ס'נעמט אים אַדורך אַ שוידער, ווען ער דערמאָנט זיך אין זיי. ער דערזעט אַ קליינע שטיבל, וווּ

מיט אַ קאַנטשיק זיצט דער רעבע,
די טאַלמידים אין איין קלעמען... (ד. 32).

מיט דער יוגנט האַלט עס אויך ניט בעסער... זי איז פֿאַרבײַ אין אַ קליין אײַנגעהויקערטע שטיבעלע, ווו, אַז עס עפֿנט זיך אַ טירל, בייזערט עס זיך טאָמיד און סקריפּעט. טאַטע-מאַמע זיצן פֿאַרכוישעכטע אין אַ ווינקל, אין אַ וויגל כליפּעט אַ הונגעריק קינד—

און אַ שוועסטער שילט אַ ברודער
און פֿון לעמפּל שפּאַרט אַ רויך—
יאָרן יונגע, יאָרן שוואַרצע,
ניין איך לאָז אײַך איבער אויך!... (ד. 32).

און, אַז ער איז אויסגעוואָקסן, איז געקומען די גרויסע קאַפּיטאַליסטישע שטאָט און אויך געבראַכט אים אַ היפּשע מאַטאָנע פֿון עלנט, איינזאַמקייט און אומבאַפֿרידיקטע פֿאַרלאַנגען...

**אונטערן דרוק פֿון שטאָט.** דערדאָזיקער מאָטיוו איז זייער פֿאַרשפּרייט אין רייזינס דיכטונג. די שטאָט איז פֿול מיט רײַכקײַט, מיט אַלץ, וואָס עס קען פֿאַרשענערן און גליקלעכער מאַכן דאָס לעבן. די אויגן זעען אַלץ, נאָר קײַן געלט איז ניטאָ—שוין בעסער אַנטלויפֿן פֿון שטאָט (ד. 10). אין שטאָט הערשט אַ מיסכער-יאַריד, אָבער דעם דיכטערס עכטע סכוירע, די „ריינע ליבע”, דאַרף קיינער ניט האָבן, בײַ דעם האַנדל, וואָס זײַנע פֿונדאַמענטן זײַנען בלוט און שווייס (ד. 52). זי איז פֿול די שטאָט מיט רויש פֿון

רעדער און מאַשינען, איז ווי קען ער זינגען זיין ליד פון רו און נעכאָמע? (ז. 83) אַפּן יאַם, ווי עס קאָכן און ברויזן די וועלן מיט די גרויסע שיפן, וואָס קען ער טאָן מיט זיין קליין שיפעלע? און ער בלייבט אָפן ברעג... (ד. 88). צו רוישיק איז אין שטאָט דאָס לעבן—אַלץ איז דאָ פאַרפּלאָנטערט

פרייד און לייד, געלעכטער, טרערן,
לוקסוס, רייכקייט, מאַנגל, דאַלעס... (ד. 181).

און איבער אַלץ געוועלטיקט די קאָפּיקע—פאַר צוואַנציק קאָפּיקעס קויפט מען אָפּ באַם דיכטער אלע זיינע טרערן, זיין גלויבן און פייער... (ד. 242). ענג איז דעם דיכטער אין שטאָט, עס ציט אים צו דער נאַטור (ד. ז.ז. 64, 74, 246), ער וויל פאַרלאָזן די שטאָט „מיט איר שפּראַך און איר גאַנג", מיט איר כאָכמע און וויסן (75). באַזונדערס איז דעם דיכטערס אַנטוישונג אין דער שטאָט אויסגעדריקט אין זיין פּאָעמע „צוריקער אַהיים". איבערדריסיק און פאַרמיעסט איז אים דאָס לעבן געוואָרן אין דער פרעמד.

אַך, די גרויסע שטעט, די גאַסן
מיט די ריזיק-הויכע מויערן
האָבן מיך אַזוי געשראָקן—
כ'פלעג דאָרט נאָך מיין היימאַט טרויערן,
נאָך דעם קליינעם ליבן שטעטל (ד. 85)[1].

די אונטערשטע שורע איז אַזאַ: אויב אין אָביעקטיוון טייל פון רייזינס ליריק איז געקומען צום אויסדריק דער צאַר און עלנט פון דער „אָרעמער גאַס" אין די באַדינגונגען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג, איז אין סוביעקטיוון טייל אויסגעדריקט די יעסורים און פיין פון יידישן פאָלק-אינטעליגענט, וואָס איז געקומען פון שטעטל אין דער גרויסער שטאָט און, וואָס האָט, אַדאַנק דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער צאַרישער מעלוכע, אַדאַנק דער באַציונג צו דער שפּראַך און קולטור פון די יידישע מאַסן, מיצאַד דער יידישער בורזשואַזיע, ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אויסצוברייטערן און פאַרווענדן זיינע שאַפונג-קויכעס, וואָס האָבן זיך געריסן צום לעבן, צום טאַט.

לעבן ווילט זיך, אַך דאָס לעבן
האָט אין זיך אַזוי פיל כיין,
נאָר איך קען גאָרניט דערגרייכן
דאָס וואָס ליב איז, דאָס וואָס שיין.

דאָס זיינען געווען די יעסורים און פיין פון די אומענטשלעכע לעבן-באַדינגונגען פאַרן צאַריש-קאַפּיטאַליסטישן רעזשים, וואָס האָט מיט אַכזאָריעס דערשטיקט יעדע פרייע באַוועגונג פון די פאָלקמאַסן.

מיעס איז די ערד, מיין פריינט,
און פאַרדעקט מיט ראָסט,
וואַקסט אַמאָל אַ בלימל אויס
טויט עס אָפּ דער פראָסט.
טרויעריק איז די ערד, מיין פריינט,
ווי אין הערבסט דער וואַלד,
פליט אַמאָל אַ פויגל דורך —
שיסט דער יעגער באַלד... (ד. 89)

[1]) צו דעם מאָטיוו היים-בענקשאַפט קערט זיך אום דער דיכטער אין נאָך פיל פון זיינע לידער. זע לעמאָשל די ז.ז. 202, 246, 275.

## 3. דער צוזאַמענשלוס.

איִן רייזיִנס ליִריִק, קומען מיִר צו אַ דערוויילִיקן אַלגעמיינעם אויספֿיִר, איִז געקומען צום אויסדרוק אַ טיִפֿער און אָרגאַניִשער צוזאַמענשלוס צוויִשן דיִ שטימונגען און איִבערלעבעניִשן פֿון דער אָרעמער גאַס און דיִ שטיִמונגען און איִבערלעבעניִשן פֿון דער פֿאָלק-איִנטעליִגענץ, וואָס, סאַי דיִ, סאַי יענע, האָבן ניִט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו פֿאַרוויִרקלעכן זייער לעבן-דראנג איִן דיִ סאָציאַל-פּאָליִטיִשע טנאָניִם פֿון דער קאַפּיִטאַליִסטיִשער אָרדענונג. דאָס האָט געשאַפֿן דעם גרויסן עפֿעקט פֿון דער רייזיִניִשער ליִריִק, איִר אויסגעשפּראָכנקייט, אייגנטיִמלעכקייט, אייגנאַרטיִקייט. דערדאָזיִקער צוזאַמענשלוס—דאָס איִז דיִ גרויסע ליִרישע דאָמיִנאַנט פֿון דער רייזיִנישער דיִכטונג. מיִר האָבן דאָ אַ מוסטער, פֿון טיִף-נאַטיִרלעכער צונויפֿגיִסונג פֿון מאַסן-שטיִמונגען און מאַסן-איִבערלעבעניִשן מיט דיִ שטיִמונגען און איִבערלעבעניִשן פֿונם יאָכיִד, וואָס עס גיִט אַלעמאָל איִן דער פּאָעזיִע אַן אויסטערליִשן עפֿעקט.

רייזיִן איִז דער דיִכטער פֿון דער טקופֿע (אָנהויב פֿון אונדזער איִצטיִקן יאָרהונדערט), ווען דער קלייִנבירגערלעכער איִנטעליִגענט איִז געווען געשטיִמט טיִף פֿאָלקיִסטיִש, האָט געליִטן (בעפֿויִעל מאַמעש) מיִט די ליידן פֿון דער „אָרעמער גאַס", פֿונוואַנען ער איִז אַליין אַרויסגעקומען, האָט נאָך ניִט געפּראָוועט קיין איִנטעליגענטישע יעכידעס, וויִ איִן דיִ שפּעטערדיִקע רעאַקציע-יאָרן.

דערדאָזיקער טיִפֿער און אָרגאַניִשער צוזאַמענשלוס איִז בוילעט אויסגעדריִקט איִן דער ליִד „מיין שפּיִלן". אַף אַ קליין צעבראָכענער פֿיִדל האָט דער דיִכטער אָפּגעשפּיִלט זיין וועלט. ווען ער דערמאָנט זיִך אָן זיין שפּילן, לויפֿט דורך זיין זעלע אַ קעלט —

ס'וויינען ביִטערלעך דיִ טענער
ס'קליִנגט איִן דיִ אויערן נויט-מוזיִק,
און עס הערט זיִך אַ באַוויינען
אַפֿן קיִיווער פֿונם גליִק. (ד. 3)

אָבער אַף דערזעלביִקער פֿיִדל, וואָס אַף איִר האָט באַקלאָגט דער דיִכטער זיין פּערזענלעכן גליִק, האָט ער אויך —

פֿאַר דער נויט געשפּיִלט קאָנצערט,
און דיִ נויִט האָט אַפּלאָדיִרט מיִר,
און מיִט גרויס געפֿיִל געהערט. (3)

און דיִ נויט האָט דעם דיִכטער האַרציק באַלוינט פֿאַר דעמדאָזיִקן קאָנצערט-שפּיִלן.

און זיִ האָט מיִר רייך באַשאָנקען
וויִ ס'ערלויבט נאָר איִר פֿאַרמעג:
האָט מיר דערנער אויסגעשאָטן
אויסגעשפּרייט מיין לעבנסוועג... (ד. 3)

איִן איינער אַ ליד רייזיִנס דערציילט זיִך, ווי אַף אַ לעוואַיע פֿון אַ פֿרוי האָבן זיך געקליִבן אַלע שכיינעס, און איינע פֿון דיִ שכיינעס האָט באַקלאָגט דיִ פֿאַרשטאָרבענע, דערציילט איר גאַנצע לעבן-געשיכטע —

פֿון דער שכיינעס טאָינעס,
פֿון איִר גלאַטן מויל,
יאָמערן דיִ ווייבער
וויינען אָפֿן קאָל...
אָך, דיִ קלוגע שכיינע

האָט זיי אויסגעזאָגט
דאָס, וואָס טיף אין האַרצן
יעדע פֿון זיי טראָגט... (ד. 20)

רייזין איז דאָס די קלוגע שכינע, וואָס האָט די אָרעמע און דערשלאָגענע אויסגעזאָגט דאָס, וואָס יעדער פֿון זיי האָט געטראָגן טיף אין האַרצן. איך האָב אַמאָל פֿאַר אַ פּאָשעטן פֿאָלקמענטשן איבערגעלייענט רייזינס ליד „פֿרעגסט מיך מײַן פֿרײַנט, ווי אַלט בין איך שוין" און געפֿרעגט נאָכדעם זײַן מיינונג וועגן דער ליד. אויף דעם האָט ער טמימעסדיק-פּאָשעט געענטפֿערט: דער שרײַבער רעדט דאָך, ווי פֿון מײַן האַרצן אַרויס. יאָ דאָס, וואָס דער דיכטער האָט אַרויסגערעט פֿון זײַן אייגענעם האַרצן, איז אויך געווען די איבערלעבונג פֿון דער „אָרעמער מאסע", און דאָס, וואָס ער האָט אַרויסגערעט פֿונם האַרצן פֿון דער אָרעמע מאסע, איז אויך געווען זײַן אייגענע, פּערזענלעכע איבערלעבונג...

דעמדאָזיקן ווונדערלעכן צוזאַמענשלוס זעען מיר אויך אַף אַ בוילעט-דיכטערישן אופֿן פֿאָרמולירט אין די לידער „אַלע אָונט" (ד. 28), „דאָס געבעט" (ד. 26), „אין דער אָרעמער גאַס" (ד. 33) „איך וואַרט", (38) „כ'האָב פֿײַנט" (ד. 239). באַזונדערס איז פֿאַרקערפּערט די צונויפֿגיסונג אין דער ליד „אָרעמעס לעבן" (ד. 5), ווי דער מאסן-צאַר און דער פּערזענלעכער צאַר איז אַזוי ענג צונויפֿגעקניפּט געוואָרן, אַז דער דיכטער רעט שוין בעלאָשן ניסטער, און ס'איז שווער צו זאָגן וועגן וועמען רעט דאָ דער דיכטער, וועגן זיך צו וועגן דער אָרעמער גאַס, גיכער אי וועגן זיך, אי וועגן דער אָרעמער גאַס...

דערדאָזיקער צוזאַמענשלוס איז אויך געקומען צום אויסדרוק אין דער שליימעסדיקער פֿאָרם פֿון דער רייזינישער ליד, אין וועלכער ס'איז אָרגאַניש פֿאַרייניקט געוואָרן די פּרימיטיווע פֿאָרם פֿון אונדזער פֿאָלקליד מיט דער מאַדערנער (פֿאַר יענער צײַט) דיכטונג-טעכניק, מאָדערנע שפּראַך.

(סאָף קומט).

א. קאַסטעליאַנסקי.

# נאָך דער דריטער אלווייסרוסלענדישער קונסט-אויסשטעלונג.

I

אין דער דריטער אַלווײַסרוסלענדער קונסט-אויסשטעלונג, וועלכע האָט זיך ניט לאַנג פאַרענדיקט, האָבן אָנטייל גענומען קימאַט אַלע ווײַסרוסלענדישע קינסטלערישע קרײַזן: סײַ די אַלטע קינסטלער, וועמעס קינסטלערישע פיזיאָנאָמיע עס האָט זיך שוין אויסגעבילדעט נאָך פאַר דער רעוואָלוציע און סײַ די יוגנט, וועלכע זעצט נאָך פאָר איר קינסטלערישע דערפאַרונג אין מאָסקווע, און זאַפּט אײַן אין זיך די נײַסטע דערגרייכונגען אין קונסט.

דער קאָמיטעט פון דער אויסשטעלונג האָט זיך געשטעלט אַ ציל—ווײַזן צום 10-יאָריקן יובילײ פון וו. ס. ס. ר. אַלע דערגרייכונגען אַף דעם געביט פון קונסט.

דעריבער האָט ער זיך אינגאַנצן אָפּגעזאָגט אָפּקלײַבן די אַלע עקספּאָנאַטן, וועלכע זײַנען צוגעשיקט געוואָרן. דאָס האָט פון איין זײַט פאַרפילט די אויסשטעלונג מיט ליבהאָבערישע אַרבעטן, וועלכע האָבן ניט קיין שום קינסטלערישע באַדײַטונג—אין דערזעלבער צײַט אָבער האָט דאָס נאָך בולטער אונטערגעשטראָכן די הויפּט-טענדענצן פון אונדזער מאָלערײַ באַם הײַנטיקן טאָג.

* *
*

קעדיי צו מאַכן די אָדער יענע אויספירן וועגן דער אויסשטעלונג, וועלן מיר, אַף וויפל ס'איז מעגלעך, פרוּוון גרופירן צוזאַמען באַזונדערע קינסטלער, וועלכע זײַנען נאָענט איינער צום צווייטן. דאָס אויסגעפינען אַלגעמיינע שטריכן בײַ באַזונדערע קינסטלער וועט אָבער זײַן באַדינגלעך דערפאַר, ווײַל מיר האָבן ביז איצטער ניט געהאַט צו טאָן מיט סטאַביליזירטע גרופירונגען.

די ערשטע גרופּע, אַף וועלכער מיר וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן, זײַנען די קינסטלער, וועמענס פיזיאָנאָמיע ס'האָט זיך אויסגעבילדעט נאָך פאַר דער רעוואָלוציע.

פאַר זיי איז כאַראַקטעריש דער נאַטוראַליזם אָדער, ריכטיקער געזאָגט, פּראָטאָקאָליזם, וועלכער נעמט זיך פון דער באַגרענעצטער סוויווע, אין וועלכער זיי האָבן זיך אויסגעהאָדעוועט און דיזעלביקע אויבערפלעכע באַאָבאַכטונג-קראַפט האָבן זיי אויסגענוצט אַף צו באַאַרבעטן אויך אַ הײַנטיקע טעמע.

י. פען, וועלכער האָט דעם גאַנצן לעבן געמאָלט יידישע באַלעבאַטים און מאַסקילים, האָט שוין אַף דער ערשטער אַלווײַסרוסישער אויסשטעלונג געגעבן אַ בילד פון אַ יונגן שוסטער, וועלכער טראָגט אַפן הארצן אַ קאָמיוגישן צייכן און לייענט אַ סאָוועטישע צײַטונג.

קרוגער איז גלײַך איבערגעגאַנגען פון מאָלן יידישע באַלעבאַטים צו רעוואָלוציאָנערע פירער, ווײַסרוסישע היסטאָרישע העלדן א. א. וו.

דאָסזעלבע איז אויך מיט וואָלקאָוון, מיט דעם איצטיקן אָנפירער פון וויטעבסקער קונסט-טעכניקום.

מיט דעמזעלבן אויפֿן, מיט וועלכן ער האָט פֿריער געמאָלט דעם באַקיגער גוויר נאָבעל (דער פּאָרטרעט „באַפּוצט" איצטער, אגעוורכע, די ווענט פֿון אונדזער מוזיי), מאָלט ער איצטער פּאַרטיזאַנער, אַרבעטער א. א. וו.

דאָס הייסט נאָך ניט, אַז מיר זאָגן, אז קינסטלער, וועלכע זײַנען פֿאַרבונרן מיט דעם בּיזרעוואָלוציאָנערן פּעריאָד, קענען ניט צוגיין צו רעוואָלוציאָנערע טעמען—מיר ווייזן נאָר אָן, אַז דידאָזיקע קינסטלער האָבן ניט דערוויזן צו אָנצינדן זיך מיט רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס. די בּילדער אַף היינטצײַטיקע טעמען פֿון פּען, קרוגער, וואָלקאָוו, וועלכע זײַנען געמאָלט געוואָרן מיט אַלטע מיטלען, קענען ניט שילדערן די מאָמענטן פֿון אונדזער קאַמף און בּויונג. אַלס אַ בּײַשפּיל קען מען נעמען וואָלקאָווס בּילד דער „אַרבע-טער", וועלכער איז זייער שוואַך אויס-געמאָלט. און ווו ס'איז פֿאָרגעשטעלט אַ האַלב-אויסגעטאָנענע „מאָדעל", וועלכע



ש. יודאָווין. באַם פֿענצטער.



א. גרובע. דער באַפֿרייטער קנעכט.

איז באַלויכטן מיט אַן עלעקטרישן לעמפּל און האַלט אַ בּוטאַפּאָרישן האַמער אין האַנט. אָדער „די פּאַרטיזאַנען", וועלכע זײַנען אין זייער נײַע בגאָדים מער ענלעך אַף אָנשטענ-דיקע יעגער, וואָס וואַרימען זיך לעם פֿײַער.

גאָר אַף אַנדערע וועגן גייט אַ צווייטע גרופּע מאָלער:

די האָמלער—קאָוראָווסקי, רוסעצקי, טאַראַסיקאָוו, די מינסקער—קודרעוויטש און אַנדערע.

דידאָזיקע גרופּע געפֿינט זיך אונטערן אײַנפֿלוס פֿון דעם פֿראַנצויזישן אימפּרעסיאָניזם וועלכער שטרעבט צו איבערגעבן אין מאָלערײַ די שפּיל פֿון ליכט און זון.

רעד אימפּרעסיאָניזם איז דורך זיי אויפֿגענומען אויבערפֿלעכלעך אין אַ ביסל פּראָ-ווינציאָנעל. די הויפּט-פּראָדוקציע זייערע זײַנען לאַנדשאַפֿטן, וועלכע ווערן טראַקטירט רייך עסטעטיש.

די סיבע, וועלכע האָט געשטויסן אַ ריי קינסטלער צום ריין עסטעטישן אימפּרעסיאָניזם, איז די, וואָס אונדזערע מאָלער האָבן זיך נאָך ווייניק פֿאַרבונדן מיטן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. און אויב די קונסט פֿון דער ערשטער גרופּע וואַרפֿט אָפּ אַלע פֿאָרמעלע דערגרייכונגען אַפֿן געביט פֿון מאָלעריי און פֿאַרביליקט די היינטיקע טעמע, איז די צווייטע גרופּע פֿון אָנהויב אָן ניט געווען פֿאַרבונדן מיט אונדזער צייט.

די לעצטע צייט הויבט זי זיך אָן אָבער צו אינטערעסירן מיט נײַ-סאָוועטישע טעמעס. אַזוי, לעמאָשל, האָט קאָוראַווסקי אַף דער לעצטער אויסשטעלונג געפּרוּווט שילדערן שטייגער („דער. שלייפֿער") און רעוואָלוציאָנערע טעמעס.

אַכוץ אימפּרעסיאָניזם, וועלכער איז שוין, ניט נאָר אין פֿראַנקרײַך, נאָר אויך אין ר. ס. פֿ. ס. ר. אַ דורכגעגאַנגענער וועג, האָבן מיר נאָך אין ווײַסרוסלאַנד אַ ריי קינסטלער, וועלכע זײַנען פֿאַרבונדן מיט די נײַסטע קונסט-דערגרייכונגען אין מאָלעריי. ניט האָבנדיק קיין מעגלעכקייט צו אָפּשטעלן זיך אַף אַלע קינסטלער, וועלן מיר אָנרופֿן נאָר די סאמע כאַראַקטעריסטישע, ווי בראַזער, גרובע, יודאָווין און מינין.

בראַזער, וועלכער אַרבעט אין ווײַסרוסלאַנד פֿון נאָך דער רעוואָלוציע, האָט פּאַקטיש ניט פֿעסטגעשטעלט דעם מאַטעריאַל, וועלכער איז אים קינסטלעריש אָמערסטן נאָענט, ער פּרוּווט זײַנע קויכעס אין גראַפֿיק, מאָלעריי און סקולפּטור. איבערהויפּט זײַנען אויסדריקלעך זײַנע טינט-צייכנונגען, אין וועלכע ער איז טעמפּעראַמענטפֿול און אייגנאַרטיק. זײַנע פּרוּוון אין מאָלעריי און סקולפּטור זײַנען שוואַכער. כוץ דעם האָט נאָך בראַזער ניט געפֿונען זײַן טעמע—ער איז נאָך איבערהויפּט אין פּעריאָד פֿון זוכן זיין אייגענעם סטיל.

מער אויסדריקלעך און פֿאַרענדיקט איז דער גראַפֿיקער יודאָווין, וועלכער דריקט אויס אין זײַנע אַרבעטן דעם אָפּגאַנג-פּעריאָד פֿון שטעטל מיט אירע צעקרימטע הײַזלעך און פּאַרקאַנעס, לעוואַיע-שטימונגען א. א. וו.

יודאָווין האָט זיך שוין געפּרוּווט איבערגעבן נײַע מאָמענטן פֿון דעם שטעטלדיקן לעבן. ער איז אָבער דערווײַל ניט אַוועק ווײַטער פֿון בילדלעך, וועלכע שילדערן די ערשטע יאָרן פֿון בירגער-קריג.

פֿאָרמעל איז יודאָווין אונטער דער ווירקונג פֿון דער נײַסטער רוסישער גראַפֿיק, נאָר שטעלנדיק דעם טראָפּ אַף מאָמענטן פֿון אויסדריקלעכקייט, פֿאַרבויגט ער אָפּטמאָל אָן אַ זײַט די טעכנישע ריינקייט פֿון גראַפֿישן שטריך און, אָפּטמאָל, אויך די פֿאָרמעלע גאַנצקייט פֿון דער קאָמפּאָזיציע.

מינין, וועלכע מאָלט שטענדיק וויטעבסק מיט אירע גאַסן, קלויסטערס א. א. וו., איז אין זין פֿון אויסדריקלעכקייט אַסאַך שוואַכער.

זײַן שאַפֿן איז אַביסל טרוקן, טעכניש אָבער שטייט ער ניט אָפּ פֿון יודאָווינען און אָפּט גייט ער אַפֿילע ווײַטער פֿון אים.

פֿון די סקולפּטאָרן, וועלכע אַרבעטן אין ווײַסרוסלאַנד, קענען מיר אָנרופֿן גרובע, וועלכער שאַפֿט גרויסע פֿיגורן פֿון האָלץ.

גרובע זוכט שטענדיק אַ טעמע, וועלכע אַנטשפּרעכט דעם היינט און שטרעבט זי צו אויסדריקן מיט מאָנומענטאַלע מיטלען.

די מאָנומענטאַלקייט דריקט אָבער זיך בײַ אים אויס איבערהויפּט נאָר אין דעם גרויסן פֿאָרמאַט פֿון זײַנע אַרבעטן און זײַנען צוליב דעם ניט ווי געהעריק באַאַרבעט.

מיר האָבן אין ווײַסרוסלאַנד נאָך זייער אַסאַך מאָלער, וועלכע האָבן זיך ערנסט פֿאַרבונדן מיט דער ווײַסרוסישער קונסט, ווי, לעמאָשל, שיפּרין, שולק, האַלובקינע און פֿיל אַנדערע.

מיר וועלן זיך אַף זיי, צוליב מאַנגל אין אָרט, ניט אָפּשטעלן, ווײַל די דאָזיקע קינסטלער זײַנען אין פּעריאָד פֿון וואַקסן און פֿאָרמירן זיך.

עס זײַנען דאָ נאָך פֿיל קינסטלער, ווי, לעמאָשל, גאַלמאַדשאַן, פֿאַרכאָמענקאָ און אַנדערע, וועלכע האָבן אַ געוויסן דערפֿאָלג און פֿאַרנעמען אַפֿילע אַן אָרט אין אונדזער מוזיי, נאָר אַף וועלכע ס'לוינט זיך ניט אָפּשטעלן, ווײַל זיי זײַנען פֿאַקטיש ליבהאָבער.

לענגער וועלן מיר דאָריידן וועגן אונדזער קינסטלערישער יוגנט—וועגן די טאַל-מידים פֿון ווײַסרוסלענדישן קונסטעכניקום, וועלכער געפֿינט זיך אין וויטעבסק, און וועגן דער גרופּע, וועלכע פֿאַרענדיקט איר קונסט-בילדונג אין מאָסקווע.

II

דער הויפּט-כיסאָרן פֿון דער קונסט-פּראָדוקציע פֿון דעם וויטעבסקער טעכניקום, וועלכע האָט פֿאַרנומען אַ גרויסן אָרט אַף אונדזערע אויסשטעלונגען, איז דאָס, וואָס דערדאָזיקער טעכניקום האָט ניט קײַן אייגענע קינסטלערישע ליניע.



א. קאָסטעליאַנסקי. א קליינשטעטלדיקע מישפּאָכע.

אין וואָס פֿאַר אַ סוויוועע קומט אויס צו אַרבעטן אונדזער טעכניקום? די אָפּגעשטאַנענקײַט פֿון ווײַסרוסלאַנד אַפֿן געביט פֿון מאָלערײַ ברענגט צו דעם. וואָס באַ אונדז ווערן קולטיווירט ריכטונגען, וועלכע זײַנען פֿאַרבונדן מיטן פֿאַרשימלטן אָווער. לעמאָשל אין אונדזער מוזיי, וווּ ס'פֿאַרנעמען אויך אַ בעקאָוועדיקן אָרט זייער שוואַכע פֿאַרעלטערטע קינסטלער, איז גאָרניט פֿאָרגעשטעלט די מאָדערנע קונסט. נאָך מער: די בילדער פֿון קאנטשאַלאָווסקי, מאַשקאָוו, בורליוק און אַנדערע, וועלכע זײַנען געהאַנגען אין מוזיי, זײַנען די לעצטע צײַט אַפֿילע אַראָפּגענומען געוואָרן.

אין אונדזער וויטעבסקער טעכניקום איז נאָך יעדע פֿאָרמעלע דערגרייכונג אין קונסט-טרייף. דאָרט באַקט מען נאָך אַלץ די קלוימערשט רעוואָלוציאָנערע בילדער.

זייער אַסאַך קויכעס גיבן אָפּ די שילער פֿון טעכניקום אַף קאָפּירן אָרגאַמענטן פֿון דער דארפֿישער פּראָדוקציע. די לעצטע האָט אַן אָרגאַנישע גאַנצקײַט אין די הענט פֿון די פּויערים און פּויערטעס און ווערט בילוק און באַנאַל—אין די הענט פֿון די נאָכמאַכער. איינצײַטיק פֿאַרנעמען זיך די יידישע שילער פֿון טעכניקום מיט קאָפּירן אָרנאַמענטן פֿון שול-מאַכשירים, מיינענדיק, אַז דאָס איז אַ „יידישער" סטיל. דעריבער איז ניט געקוקט אַף דעם, וואָס אין טעכניקום איז פֿאַראַן אַ באַגאַבטע יוגנט, איז דאָך זייער פּראָדוקציע אַ פּראָווינציעלע און אַ ליבהאָבערישע.

די גרופּע יוגנט, וועלכע פֿאַרענדיקט איר קונסט-בילדונג אין מאָסקווע, שטייט נאָנט צו די נײַסטע מאָלערישע און גראַפֿישע דערגרייכונגען.

די מאָלערישע גרופּע האָט אָבער דיזעלביקע כעסרוינעס, וועלכע ס'האָט די פאָרויסגייענדיקע מאָלערײַ פון ר.ס.פ.ס.ר., ווי איר עטיודישקייט, וועלכע נעמט זיך פון דעם, וואָס זי איז אונטער דער ווירקונג פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזער מאָלערײַ.

די פראַנצויזישע מאָלערײַ, וועלכע איז פאָרמעל געווים די סאַמע פאָרגעשריטענע, זוכט קימאַט קיינמאָל ניט קײַן טעמעס. ווײַל אַ טעמע איז איבעריק דעם בורזשואַ, וועלכער זוכט אין קונסט בלויז אַ עסטעטישע האַנאָע און ניט אַקטיוויזירט ווערן דורך איר.

די לעצטע צײַט זעען מיר אָבער, אַז אַדאַנק דער ווירקונג פון אונדזער צײַט, הויבן אַן די מאָסקווער מאָלער צו געבן גרויסע טעמאַטישע בילדער. און אויב אונדזער ווײַסרוסישע יוגנט אין מאָסקווע שיקט נאָך צו אַף אונדזערע אויסשטעלונגען פאַרטרעטן, עטיודן, און ט ־טע געגנשטאַנדן (נאַטיור מאָרטן), איז דאָס איבערהויפּט צוליב דעם, ווײַל זיי מאָלן זיי אין פעריאָד פון באקומען די נויטיקע טעכניש-קינסטלערישע ידיעס.



א. בראַזער. א טיפּ פון א יידן.

דערבײַ איז וויכטיק צו באַמערקן, אַז אונדזער יוגנט אין מאָסקווע פעלן די נויטיקע אומשטענדן צו מאָלן גרויסע טעמאַטישע בילדער.

אַפן ערשטן אָרט אין דערדאָזיקער גרופּע קענען מיר שטעלן פּיליפּאָוויטשן. ניט דערפאַר ווײַל ער איז מאַיסטערהאַפטער פון די אַנדערע, נאָר דערפאַר, וואָס פּיליפּאָוויטש איז פאַרבונדן מיט אַ הײַנטיקער ווײַסרוסישער טעמע צו וועלכע ער איז נאָענט צוגעגאַנגען נאָך פאַר זײַן באַקומען אַ „איבערקוואַליפיצירונג“ אין מאָסקווע.

מיר מוזן דאָ נאָך אָנרופן אַ ריי יונגע קינסטלער, ווי זעווין, אַכרעמטשיק, רוצאַי, רובאַנאָוו און פיל אַנדערע טעמפעראַמענטפולע און ענערגישע מאָלער, וועלכע גייען ערנסט צו דער פראָבלעם פון פאַרב און פאָרם און פון וועלכע מיר קענען אַסאַך דערוואַרטן אַפן געביט פון שאַפן אונדזער קונסט.

אין אַ סאַך אַ גליקלעכערער לאַגע געפינט זיך אונדזער גרופּע מאָסקווער גראַפיקער: אַקסעלראָד, האָרשמאַן, סאַלאָווייטשיק, טייטש און אַנד. אין דער צײַט ווען די רוסישע מאַלערײַ האָט זיך לאַנג געהאַלטן אין די דאַלעראַמעס פון אַ פאָרטרעט, פּייזאַזש און נאַטיור

מאַרט, איז דער גראַפֿישער קונסט שטענדיק געווען גרינגער צו אויסדריקן זיך טעמאַטיש, ניט דערנידערנדיק איינצײַטיק די פֿאָרמעלע זײַט.

אין דעם זין איז זייער כאַראַקטעריש אַקסעלראָד, וועלכער איז, אָנהויבנדיק פֿון זײַן „1905 יאָר“ און ענדיקנדיק מיטן ציקל „בירגער קריג“, זײַענדיק פֿאָרמעל זייער שטאַרק און גאַנץ, איינצײַטיק אָנגעזאַפּט מיט דער אויסדריקלעכקײַט פֿון אַ נײַער טעמע. ס׳פֿאַרשטייט זיך, אַז אַקסעלראָד, ווי דער מערסטנטייל ייִדישע קינסטלער, האָט ניט געקענט דורכגיין פֿאַרבײַ דער טעמע „שטעטל“.



מ. פֿיליפּאָוויטש. אַ ווײַסרוסישע מיידל.

זײַנע טיפּן פֿון שטעטל זײַנען אָבער כּוּץ זייער לירישער מאָלערישקײַט, אויך סאָציאַל אָנגעזאַפּט.

האַרשמאַן איז אויך אונטער דער ווירקונג פֿון די נײַסטע ריכטונגען פֿון קונסט, אָבער פֿאַרהיטנדיק די עלעמענטן פֿון פֿאַרמעלער קונסט, גייט ער שטענדיק צו צו גרויסער מענטשלעכער טעמע אין זײַן ערשטע סעריע ליטאָגראַפֿיעס, ווו ס׳איז פֿאַרגעשטעלט דער באַלעבאַטישער טייל פֿון שטעטל, זײַנען דאָ מאָמענטן פֿון גראָטעסק, די לעצטע סעריע זײַנע, וועלכע שטעלט פֿאַר די שטעטלדיקע אָרעמקײַט און טיילווײַז די לעצטע בויונג-פּראָצעסן אין שטעטל, זײַנען מער ליריש און האַרציק.

מיר ווילן נאָך אָפּצייכענען דעם גראַפֿיק טײַטש, וועלכער האָט אין זיינע אָפּאַרטן אָפּגעשפּיגלט מאָמענטן פֿון דעם נײַעם ייִדישן דאָרף, און סאָלאָווייטשיק, וועלכער ס׳האָט אין זײַן ציקל האָלץ-גראַווירן אַרומגענומען דעם לעבן פֿון די לעצטע יאָרן פֿון בירגער-קריג ביז די בויונגס-פּראָצעסן אין לאַנד.

אַף דער אַרבעט פֿון אונדזער גרופּע גראַפֿיקער, וועלכע פֿאַרנעמט דעם ערשטן אָרט אין אונדזער קונסט, וועלן מיר זיך אָפּשטעלן באַזונדער, איצטער וועלן מיר מאַכן אייניקע אויספֿירן פֿון דעם וואָס מיר האָבן געזאָגט.

די ערשטע אויפֿגאַבע פֿון דער מאַלערײַ-קונסט אין ווײַסרוסלאַנד איז קוואַליפֿיצירן דעם קונסטוער און אויך דעם צושויער און צוליב דעם איז נויטיק, אַז אונדזערע קינסטלער אין ווײַסרוסלאַנד זאָלן ניט גיין אַף דער ליניע פֿון קלענסטן ווידערשטאַנד—נאָר זאָלן אַקשאָנעסדיק אַרבעטן איבער דער פֿאָרם.

פֿון דער צווייטער זײַט דאַרפֿן אונדזערע קונסטוער, איבערהויפּט אונדזער קינסטלערישע יוגנט אין מאָסקווע, דערנענטערן זיך צו טעמען פֿון שאַפֿונג און בויונג אין אונדזער סאָוועטישן ווײַסרוסלאַנד.

אונדזער מאָלערײַ און סקולפּטור דאַרף געפֿינען דעם גלײַכגעוויכט פֿון אַ הויכער קינסטלערישער קולטור און נײַער רעוואָלוציאָנערער טעמע.

## כ. דונעץ.

# צווײ אוטאָפּאָרטרעטן.

מע מוז זיך מודע זײַן: עס איז ניטאָ קײַן באַזונדער גוטער געפֿיל באַם נעמען זיך צו אַזאַ טעמע ווי די אויסלענדישע בורזשואַז־באַלעבעסלדיקע ייִדישע ליטעראַטור־באָהעמע. עס איז אָבער נויטיק פֿון צײַט צו צײַט אַ קוק טאָן, וואָס „דאָרטן" טוט זיך, מיט וואָס מען פֿאַרנעמט זיך, ווי אַזוי מען פֿאַרשרײַט די אייגענע נעבעכדיקײַט. און דאָ האָבן מיר אַ פּאָר פֿאַקטן פֿון דער לעצטער צײַט, אַף וועלכע עס לוינט זיך אָפּצושטעלן.

עס איז ניט לאַנג באַ אונדז אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד געווען צוגאַסט דער כ' אווראָם רייזין, ניט קײַן נײַס, אַז אַ ייִדישער אויסלענדישער שרײַבער זאָל פֿאָרן אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד—וויפֿל זײַנען שוין געווען און וויפֿל קלײַבן זיך דאָס טאָן? איז אָבער רייזין געווען דער ערשטער, וואָס האָט ניט געוואָלט פֿאַרשמירן אַפֿילו אין אייראָפּע זײַנע טיפֿע סימפּאַטיעס צו דעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד און צו די קאָמוניסטן, איז ער געווען פֿון די ג ע צ יי ל־ט ע אַזעלכע געסט, וואָס זײַנען, ווי אין זייער שאַפֿן, געבליבן אופֿריכטיק און פּאַשעט אָפֿן מיט זייערע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס, אַריסוויײַזנדיק אומגעדולדיקײַט און „אומלאָיאַלקײַט" צו פֿײַנט פֿון סאָוועטן און פֿון קאָמוניזם. איז דאָס געווען אַ דיסאָנאַנס אין דעם כאָר פֿון די אויסלענדישע ייִדישע באַלעבעסלדיקע שרײַבער. און כאָטש זיי האָבן דאָ דעריקער אײַנגעזען אומעטישקײַט—לעמאַי אַ שרײַבער מישט זיך אין פּאָליטיק, לעמאַי ער פֿירט דורך אַ גרענעץ צווישן פּאַרטייען,—איז אָבער זייער גרימצאָרן אויסגעדריקט געוואָרן גאַנץ פּאַרטעיִש. אַזוי איז דער גורל פֿון אַלע, וואָס מיינען, אַז זיי שטייען איבער פּאַרטעיִשקײַט. און דאָס סאַמע טשיקאַווע באַשטייט אין דעם, וואָס אָט דיראָזיקע צוויעס פֿון די שרײַבער, וועגן וועלכע עס וועט גיין אַ רייד, איז עקספּלואַטירט געוואָרן אָפֿן שענסטן אויפֿן דורכן פּויליִשן „בונד".

פֿריִער האָבן אין דער „נײַער פֿאָלקסצײַטונג" (אָרגאַן פֿון צ.ק. פֿון פּויליִשן „בונד") „געשטורעמט" רייזינען די פּאָליטיקער אַליין. מע האָט בענוציע צו רייזינען אויסגענוצט אַלע מעטאָדן פֿון באָיקאָט און קאָמפּראָמע־טאַציע. מע האָט רייזינען געמאַכט אַ קאַצניאָמער נאָך איידער ער איז אַרײַנגעפֿאָרן אין פּוילן. באַלד נאָכדעם, ווי עס איז באַוווסט געוואָרן, אַז רייזין האָט אין פּאַריז אָפּגעוואָרפֿן די אײַנלאַדונג צו אָנטייל נעמען אין אַן אָוונט אין אָנדענק פֿון ב. מיכאַלעוויטש (פֿאַרשטאָרבענעם פֿירער פֿון „בונד"), האָט די „פֿאָלקסצײַטונג" אָפּגעעפֿנט איר גרויסן נאַלעווקע־מויל און מיט קידעש־לעוואָנע־אויסעס געמאָלדן דער וועלט לעמאַי זי, דער אָרגאַן פֿון „בונד", איז אַזוי שלעכט געשטימט צו רייזינען און לעמאַי דער „בונד" זאָגט זיך אָפּ צו באַגעגענען רייזינען—רייזין האָט פֿאַר־ראַטן, הייסט עס, דעם „בונד"—אַזוי האָט געמאָלדן די „פֿאָלקסצײַטונג". דיזעלבע „פֿאָלקסצײַטונג", וואָס לויבט אַזוי אין טאָג אַרײַן דעם רעאַקציאָנערסטן ייִדישן שרײַבער שאָלעם אַש, וואָס געפֿינט פֿאַר מעגלעך בוקן זיך פֿאַר אַשס טאַלאַנט, פֿאַרגעסנדיק דערבײַ פּאַרטעיִשקײַט (קונסט איז איבער קלאַסן—אַזוי פֿאַרשטייען בונדיסטן, מיסטאָמע, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַשן—דעם אידעאָלאָג פֿון רעאַקציאָנערן מיטלקלאַס)—דיזעלבע בונדישע בלאַט האָט ניט געפֿונען קײַן פּאָר וואַרעמע ווערטער פֿאַר דעם פֿאָלקשרײַבער אין שעפֿער פֿון רעוואָלוציאָנערן ליד, פֿאַר דעם דיכ־טער, וואָס איז באַליבט אין די אַרבעטער־מאַסן. אַזאַ קאַבאָלעס־פּאָנים האָט דער רעאַקציאָנערער „בונד" געמאַכט רייזינען פֿאַר זײַנע צו שטאַרקע סימפּאַטיעס צום קאָמוניזם. איצטער, ווען רייזין פֿאָרט צוריק, האָט ווידער דער „בונד" געפֿונען פֿאַר נויטיק באַגלייטן רייזינען מיט אַ נײַעם „קאָנצערט". איז שוין דאָס מאָל געקומען אַ ש ר ײַ ב ע ר און אויסגעפֿילט פֿאַר דער „פֿאָלקסצײַטונג" אַ „סאָציאַלע באַשטעלונג": דאָוויד אײַנהאָרן, אָט דערזעלבער, וואָס האָט אַמאָל געקלאָגט אָפֿן טויט פֿון דעם לעצטן באַלטפֿילע, האָט איצט באַקומען אַן אָרט באַם בונדישן אָמער און אים איז דאָס געגעבן געוואָרן די פּען אין האַנט צו באַפֿינטלען און באַשמוצן רייזינען אַף זײַן צוריקוועג קײַן אַמעריקע.

אין דער „נײַער פֿאָלקסצײַטונג" נום. 90 פֿאַרן 15 אַפּרעל איז אָפּגעדרוקט דאָוויד אײַנהאָרנס אַן אַרטיקל „וועגן אַ ליטעראַט, וואָס זײַנע ווערק האָבן אים איבערגעלעבט". דאָוויד אײַנהאָרן נעמט אַף זיך די אַוודע מאָכן צוניִשט רייזין דעם מענטש, לעמאַי... ער איז אַ כאָסיד פֿון קאָמוניזם. לויט אײַנהאָרן טאָר אַ שרײַבער אַזוי ניט זײַן. „אַף דער עלטער", שרײַבט דער בעסמעדרעש־בונדישער דיכטער—דאַרף זיך אַ שרײַבער „פֿאַרטיפֿן, אָפּגעבן זיך אַ כעשבן־האַנפֿעש... פֿון באַשיירענעם צוריקטרעטן (!), פֿון פֿײַערלעכער אײַנזאַמקײַט (!)..." ווי קומט אָבער אַ שרײַבער אַרײַנקוקן אין פּאָליטיק און האָבן געזעלשאַפֿטלעכע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס—דעריקער איז „פֿײַערלעכע אײַנזאַמקײַט". נאָר מיילע. דיראָזיקע „פֿילאָסאָפֿיע" פֿון אײַנהאָרן אין „בונד" איז אונדז ביכלאַל ניט אינטערעסאַנט. איז רייזין ניט קײַן אָנהענגער פֿון איר, יואָס קומט אים דערפֿאַר? אָבער דאָ הויבט אָן אײַנהאָרן גיסן שעפֿעלעך שמוץ און דאַווקע ניט מיט פֿילאָסאָפֿישער פֿאַרטראַכטקײַט. עס גייט אַוועק באַ אים אַ מאַיִמער וועגן די, וואָס „גייען קאַווער בעטלען, דערשראָקענע, האַכנאָעדיקע, געפֿאַלענע". וואָס „באַ וועמען זיי רעכענען קריגן אַ גרעסערע מאַטבייע, יענעם זינגען זיי אונטערן טיר". קען מען דאָך מיינען, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן די מאַיאָפֿעסניקעס, וועגן די פּילסודסקי־פֿרײַנט, וועגן די אַליאַ שאָלעם אַש, וואָס לעקן די שטיול באַם גרויסן פֿאַשיסטישן באַפֿרײַער, מען קען מיינען, אַז אָט זיי האָט דאָס געמיינט דאָוויד אײַנהאָרן, דער היטער פֿון ליטעראַרישער אומשולדיקײַט?—

ערשט נײַן, דאָס מײנט מען גאָר רײזינען: „אַזאַ טרויעריק בילד—פֿאַרענדיקט זײַן קלאָגעדיקע טיראַדע ד. איינ-
האָרן—האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אויראָם רײזין אין פּאַריזש". װאָס איז געשען, פֿרעגט זיך? רײזין—באַשולדיקט
אים איינהאָרן—האָט זיך אָפּגעזונדערט פֿון בונדיש-אַנטיסאָװעטישן אוילעס, ער איז געװען אומרויִק פֿאַר זײַן רע-
װאָלוציאָנערער עטיק. ער האָט ניט געװאָלט זיך באָרן אין דער ברודיקער אַטמאָספֿער פֿון באַלעבעסלעך און רע-
עקציאָנערע פּאָליטיקער. קומט אים דערפֿאַר שמײַסן. מאָלט איינהאָרן אויס אַ קאַריקאַטור אַף רײזינען, מאַכט אים
פֿאָרן גרויסן פּאָכדן „אין קאָפּע האָט ער נעציטערט װי אַ בלאַט, אין גאַס האָט ער זיך ארומגעקוקט, אין טראַמ-
װאַי האָט ער געזוכט אַן אײגענעם װינקל". און אָט קומט דאָס געדיכטע, לעמאַי די „פֿאָלקסצײַטונג" האָט זיך צע-
יאָכמערט—הימל עפֿן זיך: רײזין האָט זיך אָפּגעזאָגט גײן אָפֿן בונדישן מיכאַלעװיטש-אָװנט. װײַל, זאָגט איינהאָרן,
„רײזין זיצט אַליין אין קאָפּע און ציטערט, ער האָט מוירע געהאַט צו קומען אַף דער אײַנלאַדונג". אָט אַזוי דער-
קלערט איינהאָרן רײזינס רעװאָלוציאָנערן שריט. דאַרף מען נאָך זאָגן, אַז די דאָזיקע דערקלערונג איז פֿול מיט
„צוױעס? װאָרום אויב רײזין װאָלט טאַקע געװען דער פּאָכדן און בעטלער, װאָלט אים ניט געסטאַיעט קײַן דרײסט-
קײט אָפּװאַרפֿן די אײַנלאַדונג פֿון „בונד". נאָר אַף װיפֿל איינהאָרן פֿילט אויס אַן אויפֿגאַבע פֿון בונדישן באַלעבאָס
איז נאַטירלעך, װאָס ער צעשפּילעט זיך אַזוי אַף רײזינס כעשבן.

נאָכער דערציילט שוין איינהאָרן קוליסן-געשיכטעס פֿון פּאַריזש. ער װייס, זעט איר, אויך פֿון אַ קאָמוני-
סטישן אָװנט לעקאָװעד רײזינען, װו אַש האָט געקלאַפּט אין טיש און „די קאָמוניסטן האָבן געשװיגן װי יורקעס
הינט"; פֿון זייער זײַט האָבן, װידער, די קאָמוניסטן אַרײַנגעלייגט אַ פּעקל מוסער רײזינען, און ער, רײזין, האָט גע-
שװיגן. איינהאָרן איז אויך געװען אָפֿן פּריװאַטן באַנקעט לעקאָװעד רײזינען („פֿיגאַראָ דאָ, פֿיגאַראָ דאָרט") און
אָט װאָס ער האָט צו דערציילן פֿון דעם לעצטן באַנקעט—אָ, גאָט, װאָס עס קען פֿאַרלויפֿן!

„אַז די רעדעס האָבן זיך געענדיקט, האָט זיך רײזין אויסגעדרייט דעמאָנסטראַטיװ מיטן הינטן צום
פּובליקום און מיטן פּאָנים צו דער רעװאָלוציע, צו שאַרל ראַפּאָפּאָרט (אַן אָנגעזעענעם פֿראַנצויזישן קאָמו-
ניסט כ. ד.), געבויגן און האַכנאָעדיק, מיט אַ שמייכעלע פֿון אַ דינער:

— טשעװאָ איזװאָליטע באַרין?...

איר פֿאַרשטייט? רײזין איז שוין שולדיק אין צופֿיל זעלבסטשטענדיקײַט. װאָרום ער האָט, װי איינ-
האָרן דערציילט, „געלייענט נײַע לידער און אָפֿן דערקלערט, װענדנדיק זיך צו שאַרל ראַפּאָפּאָרט:—
נאָר פֿאַר אײַך לייען איך". װידער אַ כעט: צופֿיל מענטשלעכע װירדע אַרויסגעװיזן. די איינ-
האָרנס איז עס ניט געפֿעלן, דעם „בונד" אויך ניט.

קומט דער סאָף פֿונם אַרטיקל, איינהאָרנס אויספֿיר: „דער, װאָס איז איצט אין מאָסקװע (ד. ה. רײזין—כ. ד.)
איז אָן אַ נאָמען". רײזין האָט פֿאַר איינהאָרנען פֿאַרלאָרן דעם גאַנצן כיין, ביפֿראַט, אַז ער האָט ניט געקלאַפּט די
קאָמוניסטן אין טיש. װאָרום פֿאַר די, װאָס קלאַפּן אין טיש און כוליגאַנעװען האָט איינהאָרן דאַװקע דערעכערעך-
אַש דער סקאַנדאַליסט האָט נײסע כיין געװען באַ איינהאָרנען. אי. װאָס אַש האָט בענאָסן פֿון „באָלשעװיסטישן
ברויט", װאָס ער האָט גענומען װאַליוטע באַ אונדזערע סאָװעטישע פֿאַרלאַגן?—דאָס שמוצט ניט אַשן. איז דער,
װאָס מאַכט אַ „קניקסען" די באָלשעװיקעס און פֿאַרגינט זיך באַם אָפּרײַזן לאָזן נאָך זיך אַ אַ־פּעשריקן רויער, אַזאַ,
שאָלעם אַש, איז איינהאָרנען דאַװקע געפֿעלן. און דער באַשיידענער רײזין, דער פֿרײַנט פֿון סאָװעטן, דער אור-
מיטלבאַרער, אופֿריכטיקער מענטש און קנאַפּער דיפּלאָמאַט אין זײַן ליטעראַרישער סװיװע—אים שמוצט דאַװקע
איינהאָרנס פּען אַף די שפּאַלטן פֿון דער בונדישער „פֿאָלקסצײַטונג".

בעמיינט האָט איינהאָרן באַשמוצן רײזינען, אים אויסמאָלן װי אַ ליטעראַרישע נישטיקײַט, אים צונישט מאַכן
אין די אויגן פֿון די מאַסן-לעזער. אָבער געגעבן האָט איינהאָרן דאָ זײַן אײגענע נישטיקײַט, אויסגעלײדיקטקײט און
געפֿאַלנקײַט. דער אַרטיקל איז אײגנטלעך איינהאָרנס אַן אויטאָפּאָרטרעט. מאָלנדיק רײזינען האָט איינהאָרן געװיזן
װער און װאָס ער אַליין איז, דער גילגל פֿון אַ פּאַמפּלעט!

* *

אויב איינהאָרן קומט, לויטן כײַטל פֿון „בונד", אַראָפּרײַסן און אַנטקרוינען אַלטע פֿאָלק- און רעװאָלוציאָ-
נערע שרײַבער, קומט ש. אַש זאַלבן יונגע שרײַבער און שלאָגן אַף דעם קאָפּיטאַל. זוכט ער אַ באַפֿעסטיקונג-פּונקט
אין די נײַע שרײַבער, קעדיי האָבן פֿונװאַנען באַשיסן דעם סױנע. דער סױנע איז—די סאָװעטישע יידישע קולטור
און ליטעראַטור. װידער גייט עס דורך די קאַשערע בונדישע הענט—דורכן זשורנאַל „ביכער-װעלט". װאָס האָט
אַ בונדישע רעדאַקציע-קאָלעגיע. נאָר אײדער מיר װעלן צוגײן צום עצעם איניען, לאָמיר באַמערקן, אַז דאָ איז דער
מעטאָד פֿון די בונדיסטן עטװאָס אַן אַנדערער װי באַ רײזינען: אויב בענײגע רײזינען איז די „פֿאָלקס-צײַטונג" מער
װייניקער אָפֿן אַרויסגעטראָטן און אַפֿילע איינהאָרנס מאַרק-אַרטיקל געדרוקט אָן אַ באַמערקונג פֿון רעדאַקציע, איז
זי זיך מיט שאָלעם אַשן באַגאַנגען אַנדערש: געבנדיק אים אַן אָרט פֿאַר זידלערײַ קעגן סאָװעטנפֿאַרבאַנדישער יידי-
שער קולטור און ליטעראַטור, האָבן די בונדישע ליטעראַטן אָפּגעגאָסן בעגל-װאַסער, געמאַכט זיך „יאַ טעבע נע בענ-
דע"—רייד זיך, אַש, װאָס דו װילסט: „ניט מיט אַלע אָפּשאַצונגען פֿונם קינסטלער זײַנען מיר מאַסקים", „די רע-
דאַקציע טיילט ניט אַלע מיינונגען פֿון ש. אַשן". אַזוי מעלדעט די רעדאַקציע אין אַ צושריפֿט. איז דאָס זייער
קלוג אָפּגעטאָן: אי שאָלעם אַש האָט אָנגעפּינטלט, אי מען האָט אַרײַנגעזידלט די סאָװעטן, אי די בונדישע רע-
דאַקציע איז געבליבן אָן אַ זײַט. װאָרום אָפֿן און זעלבסטשטענדיק אַרויסטרעטן קעגן דער סאָװעטישער ליטעראַטור
װעלן דאָך די בונדישע פּאַכראַנים ניט װאָגן—זיי װייסן דעם מאַרק, זיי װילן איבעריקנס ניט דערצערענען דעם אַרבעטער-
לעזער—די לײַבלעכע ברידער פֿונם „פֿאָרװערטס" אין פּוילן װייסן די מעלאָכע פֿון היטן „צירקוליאַציע" (טיראַזש)-

נאָר לאָמיר צוגיין צום טאָך. שאָלעם אַש האָט גאָר אייגנטלעך געשריבן וועגן אַ פּראָט-איניען. זיין אַרטיקל אין דער „ביכער וועלט״ נום. 3. הייסט ש. האָראָנטשיקס „אין גערויש פֿון מאַשינען״, אַש, הייסט עס, זאָגט זיך אַרויס וועגן אַ יידישן נייעם בוך. אָבער ביימאַיסע פֿאָרט ער זיך דורך איבער פּראָבלעמעס פֿון דער יידישער ליטעראַטור ביכלאַל, און כוץ די לויב-לידער האָראָנטשיקן פֿאַרנעמט ער זיך מיט דער פּראָבלעם וועגן פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. און אָט דאָ איז די ראָזשינקע—צוליב דעם איז עס געשריבן דער גאַנצער אַרטיקל. שאָלעם אַש שרייבט:

„מען רעט לעצטנס זייער פֿיל וועגן פּראָלעטאַרישער קולטור. דאָס וואָרט קומט פֿון רוסלאַנד. און אַמייסטן ליאַרעמען וועגן דעם די יידישע שרייבער פֿון רוסלאַנד. דאָס יידישע רוסלאַנד אָבער האָט אונדז נישט געוויזן די מוסטערן, וואָס זיי רופֿן „פּראָלעטאַרישע קולטור״. אַלעס, וואָס קומט פֿון דאָרט, טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּל פֿון טאַלאַנטלאָזיקייט און כוצפּע (די ביירע „מידעס״ גייען שטענדיק האַנט אין האַנט)—אָבער זיי האָבן נאָך אונדז נישט באַוויזן קיין איין דערציילונג, וועלכע זאָל טראָגן אין זיך אַ קוואַלנדיקן גלויבן אין דעם אידעאַל פֿון קאָלעקטיוו. אַלץ, וואָס קומט פֿון דאָרט (און פֿון דאָרט קומען אַמערסטן שירים—מען האַלט אין איין דוכענען), איז אַ דורכגעזאַפּט מיט שווייס פֿון מעלאָכערייַ און אַ אומאַנגענעמען רייעך, פֿון כניפֿע און צופּאַסן, און לאָזט איבער פּוסטקייט הינטער זיך. ווען אונטער „פּראָלעטאַרישע קולטור״ ווערט פֿאַרשטאַנען דאָס אויסלייזן פֿון יאַכיד דורך דעם אידעאַל פֿון קאָלעקטיוו; ווען „פּראָלעטאַרישע קולטור״ ווערט פֿאַרשטאַנען, ווי דאָס באַזינגען דאָס לעבן דורך שאַפֿנדיקע הענט, ווען „פּראָלעטאַרישע קולטור״ באַדאַרף דערוועקן גלויבן, רופֿן צו מאַיסים—רעקאָמענדיר איך מיט מיין גאַנץ האַרץ די יידישע שרייבער פֿון רוסלאַנד האָראָנטשיקס בוך „אין גערויש פֿון מאַשינען״ אַלס מוסטער, פֿון וועלכן זיי זאָלן זיך לערנען״.

פֿאַר דער לאַנגער ציטאַט וועט דער לעזער מיסטאָמע נישט האָבן קיין פֿאַרדרוס, ווייל דיראָזיקע אַשישע שורעס וועלן אים פֿאַרשאַפֿן אַ פּאָר פֿריילעכע מינוטן. אינדערמעסן—אַש האָט זיך צופֿאָרן אַפֿן כעשבן—מערקט איין—נישט נאָר פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין סאָוועטן-פֿאַרבאַנד נאָר פֿון דער פּראָלעטאַרישער קולטור—פֿאַר אים עקזיסטירט זי נישט אין סאָוועטן-פֿאַרבאַנד. נישט קיין בוך, נישט קיין שול, נישט קיין טעכניקום, נישט קיין פֿאַרלאַגן נישט קיין טעאַטער—דאָס אַלץ איז נישטאָ, עס איז יעווסעקישער שעקער. און קיין ליטעראַטור איז דאָך אַוודע נישטאָ, וואָרום וואָהאָריע—ער, שאָלעם אַש, האָט דאָך זי נישט געלייענט, ער האָט אַ קוק געטאָן אַפֿן בערגעלע ביכער פֿון זיין שרייבטיש (ש. אַשס אייגענע ווערטער) און האָט באַשלאָסן, אַז די סאָוועטישע ליטעראַטור איז קליין און נישטיק. און אים, דעם גאָדל, לוינט זיך גאָרנישט מיט איר פֿאַרנעמען—פֿאַר אים איז גענוג געבן קלוגע אייצעס די יידישע שרייבער פֿון סאָוועטן-פֿאַרבאַנד: באַשער בעכיין זיי קענען נישט שרייבן—לאָזן זיי פֿון טאָן לערנען בא האָראָנטשיקן. כוץ כאָכמע און גדולע האָט אין דיראָזיקע דיבורים שאָלעם אַש אַרויסגעוויזן גוואַלדיקע לאָמדעס—די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור גייט פֿון האָראָנטשיקן—דאָס איז דער קוואַל פֿאַר פּראָלעטאַרישער קולטור און היסלאַיוועס—אַזוי וויל קנעלן ש. אַש! אַי, וואָס האָראָנטשיק האָט דאָך בעסאַכאַקל פֿאַרמאָלט און אויסגעדריקט די באַלמעלאָכישע און ערעוו-פּראָלעטאַרישע שיכטן און שטימונגען! האָראָנטשיקס אַרבעטער פֿון XX יאָרהונדערט שטייען דאָך נישט העכער פֿון יענע ענגלישע קאַרדען אַרבעטער, וואָס האָבן געזוכט די סגולע אין ברעכן די מאַשינעס! טאָ גיי דערצייל און לערן אויס שאָלעם אַשן, רעמיזלבן, וואָס דער שפּיץ פֿון רעוואָלוציע איז בא אים „בונד״, אַז פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור און קולטור פֿאַרקערפּערט מיט זיך דעם קלאַסן-באַוווסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט. אָבער צו דעם איז אַשן היפּש ווייט, ער זאַלבט פֿאַרן פּראָלעטאַרישן שרייבער דעם טיפּישן קינסטלער פֿון בונדישן האַלב-פּראָלעטאַריער, האַלב-קלייבבירגער. און אָט הינטער האָראָנטשיקס פּלייצע עפֿנט ער אַ פֿייער אויף דער יידישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין סאָוועטן-פֿאַרבאַנד. ער האָט געפֿונען אַ געלעגנהייט אין דעם שאַס האַקוישער צו אָנפֿאַלן אויף אונדזערע קאַדרען, אויף אונדזער ליטעראַטור. ער האָט דאָס נישט געטאָן ביזן באַקומען דעם סאָוועטישן פּאַספּאָרט. ער איז דערצו דרייסט געוואָרן נאָך אַלע אָפּמאַכן מיט אונדזערע פֿאַרלאַגן. דאַרף מען נאָך אַ מער עקלהאַפֿטע האַנדלונג, ווי דאָס איז!

ווידער אַמאָל איז דאָ געשען דאָסזעלבע, וואָס מיט דאַוויד איינהאָרן. ש. אַש האָט געגעבן זיין אויטאָפּאָרטרעט. געוויזן וואָס ער איז. נישט סענענדיק געבן האָראָנטשיקן אַן אָפּשאַצונג, ווייל, מישטיינס געזאָגט, וואָס אַש פֿאַרשטייט און ווייס פֿון דעם אַרבעטער און פֿאַבריק-לעבן; נישט האָבנדיק קיין כאַראַקטעריסטיק פֿאַר דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור, וואָרום אַפֿילע דעם גרעסטן גוילעם וועלן דאָך נישט איבערצייגן שאָלעם אַשס אַרגומענטן—נישט קענענדיק דאָס אויספֿילן, האָט זיך אַשן נישט ווילנדיק איינגעגעבן זיך אַליין אַטעסטירן...

* * *

צוויי אויטאָפּאָרטרעטן—איינהאָרן-אַש—זיי ווייזן דעם פּאָנים פֿון דער יידישער באַלעבעסלדיק-בורזשואַזער ליטעראַטור אין פּוילן. זיי ווייזן, ווי בירעריק זיי זיינען דאָרטן געפֿאַלן. אָט דאָס איז דער שפּיגל פֿון די אַשס און איינהאָרנס. וואָס זשע קען שוין פֿון זיי דערוואַרטן די מאָרערנע יידישע ליטעראַטור!

אַפּרעל, 1929.

רעדקאָלעגיע: ש. אַגורסקי, ב. אָרשאַנסקי, א. אָשעראָוויטש, כ. דונעץ, א. וואָלאָברינסקי, א. כאַריק.

מינסק, דרוקעריי פֿון ווייסרוסלענדישן מעלוכע-פֿאַרלאַג. באַשט. 2399. גלאַווליטבעל 1288. טיראַזש 2000.

# ЗОРКА

Літаратурна - мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс.

פרייז 60 .ק.

ВЫДАНЬНЕ
„АКЦЯБР“
Менск, Ленінская вул., 22.